# קאַפּיטל איינס

אין אַ ווייט רוסיש דאָרף, אָנהייב נאָוועמבער 1941. אַ פּראַקטיקער שנײ האָט פאַרדעקט די פעלדער. דורך דעם ראַיאָנעם צענטער האָט מען זייט אַ פּאָר וואָכן געהאַלטן אין איין טרייבן הונגעריקע סטאַדעס פּי, שעפּסן און טאַבונעס פערד. זיי האָבן צעטראָטן דעם שנײ, געבישטערט מיט די קאָפּיטעס פאַראַיאָריקע גרעזלעך, געריסן פאַרפרוירענע וואָרצלען און זיי געגעסן מיט אויסגעפרוירענע מײַלער, פון וועלכע עס איז שוין אפילו נישט געגאַנגען קיין פּאַרע.

אָנגעפּעלצטע פּויערים, מיט שטעקנס, מיט זעק אויף די אַקסל, פאַרגאַרטלטע מיט שטריק, אין לאַפּטשעס, אין וואַיליאַקעס פאַרקנופּטע מיט רימענס, מיט ראַגאָזשעס, האָבן הייזעריק גערייצט די סטאַדע־הינט. די פּי האָבן שוין מער נישט געשריגן, נישט געוואָיעט. זיי האָבן געשטעלט טריט, וועלכע האָבן זיך געבראָכן, ווײַל אָפּט זענען זיי געפאַלן אויף די פאָדערשטע קני און בלויז אַ בייטש־געסווישטש און אַ צײַן־געבליאַסק פון די הינט האָבן זיי ווידער דערוועקט ווי פון פלוצעמדיקן דרימל און זיי האָבן זיך צונויפגעקנוילט אין אַ געדיכטן קנויל.

טייל מאָל איז איינער פון די פּאַסטעכער־אָנטרייבער אַרײַן אין אַ פּויערישער כאַטע, אַ שליידער געטאָן אַ פּייכטן זאַק אויף אַ גאַנעק און איילִיק אײַנגעטוישט פאַר אַ פלאַש וואָדקאַ, אַ ברויט אָדער אַ שטיק סאַלע אַן אויסגעמוטשעטע, שטאַרבנדיקע שאָף, וואָס איז געלעגן אין דעם זאַק אַ פאַרקנופּטע.

מאָביליזאַציע־באַגלייטער אויף נידעריקע שליטנס. פּויערטעס אין קאַליריקע קאָפּטיכלעך. מענער מיט זעק, יונגוואַרג, כמעט נאָך ייִנג־

לעך, מיט גאַרמאַשקעס. אויסגעצויגן געווײן פון די באַגלײטערינס.

פון בײדע זײטן גאַס — נידעריקע פאַרשנײטע כאַטעס מיט קלײנע פענצטערלעך, עטלעכע ברונעמער מיט אײז־בײכער בײ דער זײט און אַ זשיראַפּע־קלאַץ מיט אַ װײגנדיקן עמער איבער דעם ברונעם. פון די קוימענס רױכערט זיך שױן נישט, װײל דאָס פאַר־טאָגיקע געקעכץ, די שטשי, איז שױן לאַנג פאַרטיק און דער טשוגון איז טיף פאַררוקט אין דעם אויװן און לעבן אים טליעט אַ לעצטע האַלאַװעשקע.

די פאַרטיע מאָביליזירטע איז שױן אַװעק צו דער בריק. די סטאַדע עװאַקואירטע רינדער איז שױן אויך נישטאָ. עס איז פאַר־נאַכט. אַ בלאָער, פאַרשנײטער אויסגעפּרוּװירענער פאַרנאַכט.

איך האָב אויפגעשטעלט דעם קאָלנער פון דעם אויסגערײבענעם מאַנטל, װעלכער האָט מיר געדינט אין מײן װאַנדער פון װאַרשע ביז צו דעם טײך מאָקשאַ, און געפילט װי דער פראָסט נעמט מיך אַרום.

עס איז מיר געװאָרן אומהײמלעך, װײל איך בין נאָרװאָס ארויס פון אַ לערער־פאַרזאַמלונג.

דער שול־פאַרװאַלטער, אַ מאָרדװינער, אַ פּאַרטײ־מענטש, האָט אויף דער פאַרזאַמלונג געשטורעמט קעגן דער לערערין פּאַטימאַ שאַריפּינאַ.

„זי איז נישט געװויסנהאַפט אין דער אַרבעט... זי קומט אין שול אַרײן מיט נישט־צוגעגרײטע לערן־פּלענער... זי איז פײנטלעך צו אונדזער פאָלק, װאָס ראַנגלט זיך איצט קעגן דעם שונא אויף די פראָנטן... זי קומט אין שול אַרײן מיט לאַפּטשעס... װײסט איר פאַר־װאָס ? װײל זי װיל קאָמפּראָמיטירן אונדזער טײער הײמלאַנד... עס איז אַ חרפּה... און אויסער דעם האָט זי אַ שלעכטע השפּעה אויף מענדעל פּײסאַכאָװיטשן, װעלכער איז געקומען צו אונדז פון אַ קאַפּיטאַליסטיש לאַנד און װײסט נאָך נישט, װאָס עס הײסט סאָװע־

טישע דערציונג... אַט, צום ביישפּיל, האָט פּאַטימאַ שאַריפּינאַ אים באַווירקט, אַז ער זאָל נישט וועלן צאָלן קיין שטייערן..."

איך האָב נישט געקענט איינזיצן אויפן אָרט, בעת דער מאָרד־ווינער, דער פּאַרטיי־מענטש, האָט גערעדט וועגן מיין „נישט וועלן צאָלן שטייערן". עס איז דאָך פּשוט און פּראָסט אָן איינפאַכער ליגנט! פּאַטימאַ שאַריפּינאַ האָט מיר געהאַט געוויזן אַ צייטונג, ווו עס איז געווען געשריבן שוואַרץ־אויף־ווייס, אַז עוואַקואירטע וועלכע זענען געקומען אָן האָב־און־גוטס, זאָלן באַפרייט ווערן פון שטייערן אויף אַ געוויסער צייט, האָב איך זיך איבערגעפרעגט דעם שול־פאַרוואַלטער.

ווי נאָר איך האָב געוואָלט אויפשטעלן זיך און בעטן אַ וואָרט, האָט מיך פּאַטימאַ, די יונגע טאַטערישע לערערין, אַ צי געטאָן פאַר די הענט. זי האָט זיך נאָענט צוגעבויגן צו מיר און הייס געשעפּט־שעט: וואָגט נישט אים אָפּצוענטפערן. עס וועט זיין פיל ערגער. איר שטעלט זיך אין אַ סכנה... שווייגט!...

איך האָב געשוויגן. איך בין אַוועק פון דער לערער־פאַרזאַמלונג און עס האָט געברענט אין מיר אַ פּראַסטיקע קעלט. איך האָב גע־ווּסט, אַז דער מאָרדווינער זוכט אַ קרבן. מיט אַ חודש צוריק האָט מען פאַרשיקט דעם לערער ראַביצעוו, אַ זקן פון אַ יאָר זיבעציק. פאַרוואָס? ער זאָל זיך האָבן געקלאָגט, אַז עס איז אים אַלץ איינס, סיי־ווי וועט ער שטאַרבן פון הונגער. פּאַטימאַס מאַן איז שוין פאַר־שיקט דאָס דריטע יאָר. עס איז געבליבן נאָך אים אַ קליין שיפּ־אויגיק מיידעלע. פאַרוואָס מען האָט ארעסטירט פּאַטימאַס מאַן? דערפאַר ווייל ער איז אַ קאַרעער און גראָד איז געווען אַ צייט, ווען מען האָט אַרעסטירט אַלע קאַרעער. פּאַטימאַ איז אַ טאַטערין. איך בין איינמאָל געווען ביי איר אין שטוב. דער אַלטער פאַטער האָט מיך פאַרבעטן צו זיצן מיט אים אויפן טעפּעך און ער האָט מיר דערציילט מעשות וועגן מולאַס, וועגן מדבר־וואַנדערער, וועגן די קעמל־קאַראַוואַנען און וועגן די פּאַלמע־אַאַזעס. איך האָב ליב גע־האַט צו הערן זיינע אוראַלטע געשיכטעס ווייל זיי האָבן מיך דער־

מאַנט אין די מעשיות פון טייטש־חומש, פול מיט רמזים, מיט משלים און מיט אַ נמשל צו יעדער מעשה.

דער כיטרער מאַרדווין, אונזער שולפאַרוואַלטער, האָט גערעדט אַ קאָמישן רוסיש און געוווּנקען גוט־ברודעריש מיט די קאָסאַקע אויגן. איין מאָל האָט מיר פּאַטימאַ געזאָגט: „ער וויל, אַז איך זאָל מיט אים שלאָפן, איידער מען פאַרשיקט מיך. דער מאַרדווינער גיט מיר אָנצודייטן, אַז נאָר אַזוי וועט ער מיך אָפּראַטעווען פון פאַר־שיקונג. אַליין האָט ער אָנגערעדט אויף מיר אין נ.ק.וו.ד. און איידער מען נעמט מיך אַוועק, וויל ער אויסנוצן די געלעגנהייט".

בעת זי האָט מיר דאָס געזאָגט האָב איך באַמערקט ווי זי קוקט אויף אַ קרומען טאַטערישן קינזשאַל, וואָס איז געהאַנגען אויף דער וואַנט פון איר שטוב. דאָס איז געווען אַן אַלטער קינזשאַל, וועמענס שיידל און דאָס הענטל זענען באַזעצט געווען מיט געשליפענע מאַלאַכיט־שטיינער. „פּאַטימאַ, טו דאָס נישט" — האָב איך געזאָגט. זי האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן, פאַרלייגטביידע הענט אויף די קני און זיך עטלעכע מאָל פאַרנייגט.

איך האָב געזען ווי אירע ליפּן מורמלען און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זי טוט תפילה צו אַללאַ דעם אייביקן און מעכטיקן... אָדער, דאָס איז געווען אַ געשעפּטש פון פאַרצווייפלונג.

פון די פעלדער האָט אַ ווייע געטאָן אַ פראָסטיקע קעלט. די ווייטע וועלדער האָבן זיך שוין מער נישט געבלאָט, נאָר זיי זענען איצט געוואָרן אומהיימלעך גרוי. אין טייל פענצטערלעך האָבן געבלינצלט קאַנעצלעך.

אַ פּויערטע איז מיר אַנטקעגנגעגאַנגען מיט אַ קראָמיסלע אויף אַן אַקסל און צוויי איבערגעפולטע עמער. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער אירע וואַלענקעס. די טראָפּנס וואַסער, וועלכע זי האָט פאַר־גאָסן פון די עמער, זענען געפאַלן אין שניי אַריין און עס האָט אויסגעזען ווי זי וואָלט געשפּרייט נאָך זיך אַ שנירל מיט בלאָע דימענטן.

איך האָב טרויעריק אַ שמייכל געטאָן צו זיך פון מיין דיכטערישן איינפאַל. פראָסט, האַלב־הונגער, פּחד, אומבאַהאַלפנקייט און פאַר־ביטערונג — דאָס אַלץ האָט אָפּגעשטויסן פון מיר די שיינקייט פון דעם פארבן־שפּיל, וועלכער האָט געמיניעט אין דעם פאַרנאַכט. איך האָב אפילו נישט פאַרשטאַנען, אין דער ערשטער צייט, אַז פּאַטימאַ האָט מיך געראַטעוועט פון אריינגעפּלאָנטערט צו ווערן אין די נעצן פון דעם מאַרדווינער, וועלכע ער האָט געשפּינט אַרום דער טאַטערין מיט דער הילף פון דער נ.ק.וו.ד.

זי האָט מיך נאָך דער פאַרזאַמלונג אויסגעמיטן, ניט געוואָלט זיך אפילו מיט מיר געזעגענען, בעת עס זענען געשטאנען די לערער און זיך האָסטיק אויסגעקערעוועט פון מיר.

דער נעכטן מיינער איז געווען ווייט, גאָר ווייט, ערגעץ ביי דער ווייסל. איך האָב גאַרנישט געבראַכט פון דאָרט אויסער מיינע צוויי און צוואנציק יאָר און די דערמאָנונג פון יידישע פּערזן, וועלכע איך האָב געהאַט ערב דער מלחמה פאַרעפנטלעכט אין יידישע צייטונגען. צו וואָס דאַרף איך זיי איצט, אין דער אויסטערלישער פרעמדעניש, אין דעם פאַרשנייטן מאַרדוויניש־רוסישן דאָרף, אין דער שול, ווו איך בין א לערער און לערן הונגעריקע, פאַרטרויערטע קינדער, וועלכע טראָגן פּופּייקעס צעשליסענע, שעפּסן־פעלצלעך אויסגעע־ריבענע, לאַפּטשעס פאַרקנופּטע און היטלעך פון ציגענע פעלן מיט אומגעלומפּערטע אָפּשטייענדיקע לאַפּן? זיי עסן אויף די לעקציע־איבעררייסן קאַלטע קאַרטאָפל מיט די שאָלן, זיי בייסן מיט די ציין די גרוי־שוואַרצע פּלעצלעך, געבאַקענע מיט קלייען און מיט לעב־יעדא. איך קוק אויף זיי, אויף די געשוואָלענע הענטלעך, אויף די אַנגעדראָלענע פּנימלעך, און עס דריקט מיר אין האלדז אַ געוויין, וועלכן איך קען נישט אויסוויינען.

איבער דעם הילצערנעם קלאַס, ווו עס שטייט דער גרויער טאָוול, דעם צעריצטן פון קרייד און פון אַלטקייט, הענגט דאָס גרויסע בילד פון „פאָטער פון די פעלקער״, אַרומגערינגלט פון קינדער און דער

אויפשריפט מיט רויטע בוכשטאבן: „אַ דאַנק דעם טאָוואַרישטש סטאַלין פאַר אונדזער גליקלעכער קינדהייט״.

איך גיי איינער אַליין איבער דער דאָרפישער גאַס. מיינע טריט אין שניי סקריפּען. איך היל זיך נאָך מערער אין מיין מאַנטל און פאַרלייג איין פּאָלע אויף דער אַנדערער.

די וועלט ברענט! דייטשן זענען שוין באַלד ביי מאָסקווע! ווער איז שולדיק אין דעם אומגליק? ווער האָט אָנגעצונדן די פלאַמען פון אַ וועלט־שריפה? ווער האָט דאָס אומגליקלעך געמאַכט די דאָזיקע מענטשן? פאַרוואָס זענען זיי הונגעריק? פאַרוואָס הערשט דאָ דער פחד? פאַרוואָס ווערן נאַכט נאָך נאַכט נעלם מענטשן? פאַרוואָס האָט היינט דער מאַרדווינער אַזוי גערעדט? פאַרוואָס האָב איך אים נישט געענטפערט?

און אַז איך וואָלט אים געענטפערט? פרעג איך זיך אַליין.

דימענטן אין שניי... מיין ערשטער רוסישער ווינטער... איך בין אין לאַנד פון פושקינען און טאָלסטאָי... אָט דאָס איז עס אויף אַן אמת דאָס לאַנד פון די גרויסע רוסישע שרייבער?

מיטאַמאָל בין איך געבליבן שטיין. איך האָב דערזען פאַר זיך אַ פרויען־געשטאַלט פאַרהילט אין אַ סאָבלנעם פעלץ, אַ ליכטיק פנים און צעכוואַליעטע האָר. אַ קליין פוטער־היטעלע אין אַ זייט. זי האָט געשטעלט פּאַמעלעכע טריט און דורכגייענדיק געקוקט אויף מיר. איר בליק האָט אַרויסגערופן אין מיר אַן אומרו אויסגעמישט מיט נייגער און צום סוף האָט די שרעק וואָס האָט נאָך געטייעט אין מיר און איז נישט צעטייעט געוואָרן פון דער פראַקטיקער לערער־פאַרזאַמלונג, זיך פאַרוואַנדלט אין כעס און פאַראַכטונג.

עס איז מיר אויסגעקומען, אַז די דאָזיקע פרוי האָט נישט קיין רעכט צו זיין אַזוי ווי זי איז אין אַ דאָרף פון אָרעמע פויערים, צווישן קאָלכאָזניקעס פאַרהונגערטע, צווישן מענטשן פאַראומערטע. איך האָב געטראַכט: אָוודאי איינע פון די לעבינגראַדעריגס, אָדער, פון די מאָסקווער פון דער „נייער עליטע״, פון דעם „נייעם קלאַס״, וועלכע זוכט איצט אָנטרינונג אין אַ וויטן דאָרף, ווייל די גרויסע

שטעט זענען אין סכנה. זיכער אַ געליבטע, אָדער אַ ווייב, פון אַ הויכן פּאַרטיי־טוער.

אויפן פּאָן פון די נידעריקע כאַטעס פּאַרזינקענע אין שניי, פון די מאָרדווינערינס אין שובעס און לאַפּטשעס מיט די קראָמיסלעס, אין אַ דאָרף, וואָס ליגט פאַרקאָוועט אין שרעק, וואָס איז איצט אַ פּילפּאַכיקע, ווייל עס איז שרעק פאַרן דייטש, שרעק פאַר הונגער, שרעק פאַר קלאָפּן ביינאַכט אין לאָדן, שרעק פאַר דער ציגלנער געביידע פון אַן אַמאָליקן טראַקטיר און וואָס איז איצט די נ.ק.וו.ד., ווו עס ברענען אין די נעכט ליכט אין אַלע פענצטער און מען הערט דאָס טיק־טאָקען פון אַ גענעראַטאָר, וועלכער באַלייכט דאָס הויז.

פון די אַלטע פּויערים אין דער כאַטע ווו איך וווין, ווייס איך שוין, אַז ווען עס הערט אויף צו טיק־טאָקען דער גענעראַטאָר, וועלכער גיט עלעקטרע־שטראָם דער נ.ק.וו.ד.־געביידע, באַרויִקן זיך די איינוווינער פון דעם גרויסן דאָרף און שלאָפן ערשט איין. זיי ווייסן, אַז איצט וועט מען נישט קלאָפּן ביי זיי אין דער טיר, מען וועט זיי נישט באַאומרויִקן. די וואָס זיצן אין דער געביידע זענען אַוועק. דאָס ליכט איז דאָרט אויסגעגאַנגען.

איין מאָל אין אַזאַ שעה, ווען עס האָט קוים געגרויט און דער פּויער פון דער כאַטע האָט זיך צוגעהערט ווי איך דריי זיך אויפן געלעגער, האָט ער צו מיר גערעדט פון אויוון־אַראָפּ : „איצט קענסטו שוין רויִק איינשלאָפן. זיי זענען אַוועק... דער גענעראַטאָר פון דעם הויז קלאַפּט שוין מער נישט״...

פאַרוואָס בין איך געבליבן שטיין ? די פרעמדע פרוי אין סאָבלנעם פעלץ האָט געשטעלט גיכע טריט אין שניי. זי איז פאַרביי. פאַרוואָס האָב איך זי ביז איצט נישט געזען ? הייסט דאָס, אַז זי איז נישט לאַנג געקומען אין דאָרף אַריין ? ווער קען זי זיין אויף אַן אמת ?

אין דער נאַכט האָב איך געטראַכט וועגן פּאַטימאַ, וועגן דעם מאָרדווינער, וועגן די הונגעריקע שאָף, וועגן דעם אַלטן פאָטער פון

דער טאַטערין און וועגן קליינעם שיף־אויגיקן מיידעלע פון פאַטימאַ, וואָס איז אַ געמיש פון אַ קאַרעער און פון אַ טאַטערין.

איך האָב געוואָלט פאַרגעסן די הונגעריקע קינדער פון מיין קלאַס, וועלכע עסן לעביעדאַ־פּלעצלעך און דערנאָך זיצן זיי געבוי־גענע אין קראַמפּן מיט פאַרלייגטע הענט אויף די בייכלעך.

דער גענעראַטאָר האָט לאַנג געטיקטאַקעט אין דער נאַכט. מיך האָט אַרומגענומען אַ גלייכגילט און איך בין איינגעשלאָפן.

צומאָרגנס איז געווען זונטיק, אַ פרייער טאָג פון לערנען אין שול.

באַלד אין דער פרי האָט אַנגעקלאַפּט אין מיין אַלקערל די באַלע־באָסטע, מאַריאַ פעריפעראָוונאַ און געזאָגט:

— העי, ווסטאַוואַי, עמעצער איז געקומען צו דיר.

אין דער טיר איז געשטאַנען די פרוי, וועלכע איך האָב נעכטן פאַרנאַכט געזען אין גאַס. זי איז דאָס!

— זייט נישט בייז. איך וויל זיך מיט אייך באַקענען. איך האָב אייך נעכטן געזען. ווי איר זענט ענלעך צו מיין מאַן... מיין נאָמען איז נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָוונאַ... מינטשעל... איר זענט אַ ייד?... איר פאַרשטייט, איך בין פאַרהייראַט מיט אַ ייד... מיין מאַן איז פאַרטרעטער פון מיניסטער פאַר אינדוסטרי. איך בין צוריקגעקומען אין מיין געבוירן־דאָרף... מיין פאָטער איז דאָ געווען זעמסקי אַגראָ־נאָם, נאָך ביים צאַר... אַ, ווי איך האָב אייך איבערגעשראָקן מיט מיין אומגעריכטן וויזיט...

זי האָט אויסגעטאָן דעם פוטער און מיך באַטראַכט מיט גרויסע און וואַרעמע אויגן.

איך האָב געשוויגן.

אפשר האָט זי אַרויסגעלייענט פון זיי דעם נעכטיקן אומרו, די שרעק, די פאַרביטערונג?

האָט זי דערפילט מיין פאַרלאַרנקייט אין דעם פרעמדן אומהיימ־לעכן און פאַרהונגערטן דאָרף?

זי האָט שטיל געזאָגט, באַלד נאָך דעם ווי עס איז אַוועק מיין אַלטע באַלעבאָסטע:

— איך ווייס אַלץ, וואָס עס איז געשען נעכטן אין שול. איך וויל אייך העלפן. גלייבט מיר...

עס איז געווען עפּעס נאָענט און אייגן אין איר קול. עס האָט מיך דורכגענומען און מיר איז אויסגעקומען אַז אַ פּושקינישע געשטאַלט האָט זיך באַוויזן. איז עס מעגלעך נאָך אַזויפיל יאָרן פון סאָוועטיזאַציע און קאָלעקטיוויזאַציע? נאָך דעם אויסראָטן דעם קלאַס פון פּריצים און אדעליקע? ווער איז זי אויף אַן אמת? וואָס וויל זי? וואָס האָט זי אַהערגעבראַכט צו מיר?

— איך האָב געוויסע דערפאַרונגען... מיין מאַן איז געווען דריי יאָר פאַרשיקט... איך האָב אים פון דאָרט אַרויסגעראַטעוועט... איך האָב זיך דערשלאָגן צו אים אַליין, אין קרעמל... נישטאָ קיין סך אַזעלכע פאַלן, ווען עמעצער זאָל קענען אַרויסנעמען פון סיביר אַ פאַרשיקטן... יאָ, איך האָב דאָס באַוויזן... איך ווייס פון וואַנען איר קומט. איך זע, וואָס עס דערוואַרט אייך... איך וועל עפּעס טאָן, וואָס זאָל אייך אָפּראַטעווען פון זייערע הענט... איר זענט דאָ אַ לערער. דאָס ווייס איך... אָבער מיר וועט איר נישט פאַרלייקענען: איר שרייבט... איך פיל דאָס אויס...

איך בין געזעסן אַ שווייגנדיקער און געקוקט אויף דער פרוי וואָס איר עלטער איז געווען אין די דרייסיקער. אַ פריש פּנים, שיפּלעכע אויגן, ווי זי וואָלט געווען אַ געמיש פון טאָטערישע און רוסישע עלטערן. אָפענע אויגן און אַ פרויִישער חן פון עכט־רוסישע שיינהייטן וועלכע טראָגן די אחריות פאַר דער היים, פאַר די קינדער, פאַר דער ווירטשאַפט און פאַר דעם לעבן פון די נאָענטסטע.

איך האָב באַנומען, אַז עס איז פאַראַן אין איר דער נאַטירלעכער דראַנג עפּעס צו טאָן מענטשלעכס, גוטס, אַז זי נויטיקט זיך אין געבן עמעצן אַ טייל פון איר נשמה־וואַרעמקייט אין דעם אויסגעפּרוווירענעם און אומהיימלעכן דאָרף און, אַז זי וויל מיר דאָס אַוועקגעבן מיט רוסישער האַרציקייט.

אין איר בליק איז איצט געווען אַ תפילה צו מיר; גלייב מיר. שרעק זיך נישט. איך בין גאַרנישט מער אויסן ווי אַוועקשענקען דאָס

נאַטירלעך־מענטשלעכע, אַט די ליבשאַפט וואָס שפּאַרט אין מיר.
איך וויל דיר נוצלעך זיין. שטויס מיך נישט אָפּ.

איך ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר אויף איין רגע איז מיר אפילו אויסגעקומען, אז זי איז ווייט צו זיין גליקלעך, אז איר דריקט עפּעס, אַז דאָס אויפזוכן מיך און די אַלע רייד זענען איר נויטיק.

איך האָב אויסגעשטרעקט מיין האַנט צו איר און זיך פאַרנויגט מיט דאנקבארקייט.

## קאַפּיטל צוויי

די מיטל־שול ווו איך בין געווען לערער האָט באַדינט דעם גאַנצן ראַיאָן. זי האָט געהאַט פּיל פּאַראַלעלע קלאַסן. דאָס רוב שילער האָט אָבער זי קיין מאָל נישט פאַרענדיקט. נאָכן אָפּלערנען פיר־פינף יאָר זענען זיי אַוועק אַרבעטן אין קאָלכאָז. אַ גרויסן טייל האָט מען אין פריען עלטער מאָביליזירט אין די פאַבריקן אויף אַרבעט, אויס־טיילנדיק דערביי עטלעכע שעה אין וואָך אויף אַלגעמיינע לימודים ביי דער פאַבריק. איך האָב אָפט מאָל געזען פערצן־ פופצן־יאָריקע יינגלעך מיט אָנגעהאָנגענע זעק אויף די פּלייצעס, אין די קאָלכאָזנע וועגענער וואָס האָבן זיי געפירט עטלעכע דרייסיק וויאָרסט ביז דער סטאַציע באַראַשאַוואָ ווו עס איז איין מאָל אין אַ מעת־לעת אָנגעקומען אַ שמאָלע קאָלייקע. מען האָט די מאָביליזירטע קינדער באַגלייט אין ווייטע שטעט, ווי דערוואַקסענע אין דער אַרמיי אַריין, מיט געיאָמערייען.

די הילצערנע שול־געביידע איז געווען אַן איינשטאָקיקע, געבויט פון נישט־געהובלטע קלעצער, פון אינעווייניק אַרומגעטעסעטע און צווישן איין קלאָץ און אַנדערן פאַרלייגט מיט וואַלד־מעך. די עקן פון די קלעצער זענען געווען געשלאָסענע דורך טיפע האַלץ־אויס־האַקונגען וועלכע האָבן זיך אַריינגעפּאַסט איינע אין דער אַנדערער. די קלאַסן זענען געווען גרויסע, מיט ברייטע פענצטער. די בענק און די טישן זענען געווען געמאַכט פון דאָרפישע טישלער, פּראָסט, אָבער שטאַרק. די שול־געביידע האָט געהאַט אַ משונהדיקע פאָרעם; אירע קלאַסן, צוגעבויטע און צונויפגעשלאָסענע מיט דעם לאַנגן פאָרהויז, האָבן זיך געצויגן אין אַלע זייטן. פון די פענצטער האָט

מען געזען אַ טייל פון דאָרף, די ווייסע געביידע פון דער אַמאָליקער קירכע מיט אירע קופּאָלן און אויסגעהאַקטע וויטראַזשן, אַרויסגעריי־סענע פענצטער־ראַמען, די צעפּראָלטע טירן און האַלב־איינגעפאַלע־נעם ציגל־פּלויט, מען האָט געזען די ווייטע וועלדער און די הויכ־קייט פון מאָקשאַ־ברעג מיט די ווינטמילן.

איך בין געקומען אין דעם דאָרף אריין ווייל עס האָט מיך געשיקט דער מאָרדווינישער בילדונגס־אָפּטייל פון דער הויפּטשטאָט סאַראַנסק.

פיר טעג האָט געדויערט מיין נסיעה פון דעם מאָרדווינישן אויטאָנאָמישן צענטער סאַראַנסק ביז דעם דאָרף טענגושעוואַ. צוערשט האָב איך געמוזט דערשלאָגן זיך צו דער קנופּ־סטאַציע רוזאַיעווקאַ, אַן ערך דרייסיק וויאָרסט פון סאַראַנסק. איך האָב, נאָכן אַפּוואַרטן עטלעכע שעה, באַקומען אַ פּלאַץ אין דער ביישטאָטישער באַן־ליניע. אין רוזאַיעווקאַ, אויפן וואָקזאַל, איז עס שוין נישט צוגעגאַנגען אַזוי פּשוט. נאָך אַלע פּאַפּירלעך און דאָקומענטן, נאָך די ספּראַווקעס און אפילו נאָכן באַקומען דעם בילעט, האָב איך געוואַרט אַ גאַנצן טאָג אויף דעם צוג וועלכער גייט פון וולאַדיוואָסטאָק קיין מאָסקווע. טויזנטער האָבן דאָ געוואַרט. זיי זענען אָבער געפאָרן צום אוראַל און איך האָב געדאַרפט אַ פּאָר הונדערט קילאָמעטער, אויף מערב, ביז דער סטאַציע פּאָטמאַ. איך האָב קוים אַרויפגעכאַפּט זיך אויף דעם צוג וועלכער איז דאָ געשטאַנען צוויי מינוט. מיין אָרט איז געווען אויף אַ געשטעל וואָס האָט צונויפגעשלאָסן זיך מיטן אַנדערן וואַגאָן. איך האָב זיך אַכט שעה צייט אָנגעהאַלטן אין אַן אייזן און געזען ווי אונטער מיר שווינדלען די רעדער. אויף דער סטאַציע פּאָטמאַ האָט זיך דער צוג פאַרהאַלטן גאָר לאַנג. מען האָט דאָ געלאָדנט פאָרן לאָקאָמאָטיוו האָלץ. די באַן איז געטריבן געוואָרן אויף האָלץ, ווייל דאָנבאַס איז שוין געווען אין די הענט פון די דייטשן.

איצט האָב איך געדאַרפט נעמען די שמאָלע קאָלייקע און פאָרן קיין באַראַשאָוואַ. פון באַראַשאָוואַ איז עטלעכע דרייסיק וויאָרסט

קיין טענגושעוואָ, אין דער שול ווו איך בין באַשטימט אַלס לערער. עס איז אָבער נישט געווען אַזוי איינפאַך. די סטאַציע פּאָטמאָ אין געווען קאָנטראָלירט פון דער נ.ק.וו.ד. אויך די שמאָלע קאַלייקע איז געלעגן פולשטענדיק אין רשות פון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע. וועלכער לאַגער? האָב איך זיך איבערגעפרעגט. מען האָט געצויגן מיט די אַקסל און מיר נישט געענטפערט. איך האָב געקוקט אויף דער אומ־געגנט פון פּאָטמאָ און עס האָט מיר אויסגעזען, אַז די גאַנצע סביבה איז דאָ אַנטשטאַנען אין עפּעס אַ משונהדיקן געאייל. די וועלדער שניידן זיך אַריין אין סאַמע מיט פון די געסלעך. עס איז אָבער שוין נישט קיין וואַלד פוןביימער נאָר אַ וואַלד פון נישט־דערשניטענע ביימער־שטאַמען, פון סטערטשנדיקע וואָרצלען, פון קוסטעס וועלכע האָבן אויפגעשפּראָצט נאָך דעם ווי מען האָט נישט אויסגעקאָרטשעט די פּיענעס, פון גריבער וועלכע זענען נישט פאַרשיט געוואָרן נאָכן אַרויסרייסן די סאָסנעס, די בעריאָזעס. די הילצערנע הייזער, איינ־שטאָקיקע, זענען געווען צעוואָרפן, כאַאָטיש, איינס אָפּגערוקט פון אַנדערן, צעגראָבן פון קאַנאַוועס מיט עפּעס אַ פעט וואַסער ווי מיט ראָפּע באַצויגן. די הייזער זענען געשטאַנען אַזוי משונהדיק, אַז עס האָט געמאַכט אויף מיר דער איינדרוק, אַז יעדער האָט זיי געבויט, נישט רעכענענדיק זיך צי דאָס איז מיטן רוקן צו דער גאַס צי מיט אַ זייט, אָדער מיטן פאָרנט. עס זענען דאָ בכלל קיין גאַסן נישט געווען, נאָר עפּעס אַ געפּלאָנטער פון בלאָטע־וועגלעך, פון סטעזש־קעס און פון קאַנאַוועס.

דאָס וואָס האָט מיך באַזונדערס טרויעריק געמאַכט איז געווען די דעפּאַרמירטע לאַנדשאַפט, אַ מיאוסע, אַ געשענדעטע פון מענטשלעכע הענט.

אַ געשטופּלטער מיליציאָנער מיט אַ רוי פּנים און אויגן וועלכע האָבן זיך איינגעשניטן אין מיר ווי די מעסערס, האָט באַטראַכט אַלע מיינע פּאַפּירן, געקוקט אַהער און געקוקט אַהין, טעלעפאָנירט, גע־בלאָזן אין אַ טרייבל אַריין, געזידלט עמעצן אין דער מאַמעס־מאַמען,

און נאָך אַ לאַנג וואַרטן מיר געגעבן אַ „פּראָפּוסק" צו קענען דורכ־פאָרן די זאָנע פון לאַגער.

נישט ווייט פון מיר האָט זיך געעפנט אַ הילצערנער טויער און צוויי שוואַרצע אָקסן, איינגעשפּאַנטע אין אַ וואָגן, זענען אַרויס־געפאָרן פון אַ פאַרצוימטן שטח. די שוואַרצע אָקסן זענען געגאַנגען מיט געמאָסטענע טריט צו עפּעס אַ זייטן־וועג, אַ רויט־ליימיקן, צווישן די סטערטשנדיקע פּיעניעס פון אַן אויסגעהאַקטן וואַלד.

איך האָב אַ פרעג געטאָן אַ פרוי אין לאַפּטשעס, אין אַ מענער־מאַנטל פון עפּעס אַ געלאַטעטן גרויען געוואַנט: וואָס איז דאָרטן? און דערביי געטייטלט מיט אַ האַנט אויף דעם הילצערנעם טויער, וואָס האָט זיך אַזוי גיך פאַרהאַקט.

זי האָט מיר נישט געענטפערט. איך האָב געזען ווי די פרוי קוקט זיך איבער מיט דעם מיליציאָנער און ווי אַלע וועלכע שטייען אַרום מיר באַטראַכטן מיך.

— ניע באָלטאַט! — האָט בייז אָנגעוויזן אויף מיר דער מיליציאָנער.

אַז ער איז אַוועק האָט מיר די פרוי איינגערוימט:

— ער איז שוין פריי דער געשטאָרבענער... איצט וועט ער זיך שוין פאַר קיינעם נישט שרעקן... צענדליקער מאָל אין טאָג פאָרן דאָ אַרויס די שוואַרצע אָקסן... זיי האָבן שוין דעם וועג אויס־געטראָטן...

איך בין געשטאַנען אַן אומבאַהאָלפענער און מער נישט געוואָלט זיך פרעגן. געפילט האָב איך, אַז איך בין איצט ביים ראַנד פון אַ תהום.

— דו שטייסט מאַלאַדאַי טשעלאָוויעק, נאָך דערוויייל אין דער „פרייער זאָנע" פון פאַרשיקונגס־לאַגער פּאָטמאַ... דאָס זענען די לוויה־אָקסן... זיי זענען אַרויס פון טויער און גייען צו דעם גרוב...

די פרוי איז נעלם געוואָרן. ערשט איצט האָב איך זיך געכאַפּט אַז זי האָט געהאַט אויף איר מאַנטל אַן אָנגענייטן צייכן און אַ נומער.

כדי אָנצוקומען קיין טענגושעווא האָב איך געמוזט דורכפאָרן דעם גאַנצן פאַרשיקונגס־לאַגער, באַנוצנדיק דערביי די אינעווייניקסטע שמאָלע קאַלייקע וואָס האָט פאַרבונדן די לאַגער־פונקטן, וואָרעם דער לאַגער האָט זיך געצויגן אויף אַ 150 קילאָמעטער די טיף און אויף אַן אַכציק אָדער ניינציק קילאָמעטער די ברייט.

די ערד איז דאָ געווען אַ זומפּיקע, אַ טאָרפּישע, עס זענען דאָ געוואַקסן בעריאָזקעס, סאָסנעס, אָלכעס און דעמבעס. די גאַנצע געגנט איז אַמאָל געווען איין גרויסער וואַלד. צוליב דעם וואָס מען האָט אים שלעכט אויסגעהאַקט, וואָס מען האָט דאָ פאַרלייגט אַ שמאָלע קאַלייקע, נישט מאַכנדיק קיין בריקן, אַז די טייכלעך זאָלן קענען אָפּפליסן, נאָר מען האָט אָנגעשאָטן ליים־בערג מיט געהילצער פאַרפּעסטיקט, האָבן זיך געזאַמלט די וואַסערן אין זומפּן. אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט בין איך געפאָרן די איבער הונדערט קילאָ־מעטער. די וואַגאָן־פענצטערלעך זענען געווען פאַרקלאַפּט מיט בלעך און עס האָט געברענט אַ לאָמפּ. איך האָב דאָך געקענט זען דאָס וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. קאָלאָנעס מענטשן באַוואַכטע מיט הינט. באַוואָפנטע היטער. רייטער אויף פערד. הויכע הילצערנע זאַגראָדעס מיט הילצערנע וואַך־טורעמס אין יעדן ווינקל. אין דער וואַך־בודע — אַ זעלנער מיט אַ פּולעמיאָט. דערנאָך ווידער וואַלד, געדיכטער אורוואַלד. ווידער אַ וואַלדפּאַליאַנע. פּרויען. ביידלעך, זעמליאַנקעס. סטאַראַזש־בודקעס און פּלוצעם: אַ סטאַציע. די קאַליי־קע פּייפט און בלייבט שטיין. פאַרשיקטע סטאַציע־באַאַמטע. פאַר־שיקטע קאָטשעגאַרן. פאַרשיקטע וועכטער אפילו. פאַרשיקטע היטן פאַרשיקטע. דאָס האָב איך שוין געוווּסט פון צופעליקע געשפּרעכן אין וואַגאָן. איך האָב שוין געוווּסט וועגן די אַלערליי סטאַציעס וואָס האָבן נישט קיין נעמען נאָר נומערן... אָט דאָס איז פּאָטמאַ! דאָס איז דער לאַגער וועלכן מען רופט אויך „טעמניקאָווער" — ווייל ער גרייכט פון פּאָטמאַ ביזן שטעטל טעמניקאָוו. ער געפינט זיך פינף־הונדערט קילאָמעטער פון מאָסקווע, אויף מערב. איצט פאָר איך אים דורך. ווער מען מיך נישט פאַרהאַלטן? איז עס נישט געווען אַ

הינטערלעסטיקייט דאָס געבן מיר אַזאַ „פּראָפּוסק״? איך האָב שוין אָנגעהויבן צו באַנעמען, אַז עפּעס איז דאָ שרעקלעך.

אויף איין סטאַציע איז אַריינגעקומען אַ פרוי אויפֿרוימען דעם וואַגאָן. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און מיט אַ ליקענעם געקניפּ גענומען רייבן די ברעטער. זי האָט עפּעס ווי צו זיך גערעדט און איך האָב תיכף דערקענט, אַז זי איז נישט קיין רוסישע. מיט־אַמאָל לויטן זיפֿץ, לויטן „אוי״, האָב איך פאַרשטאַנען אז זי איז אַ יידישע. יאָ! דאָס איז אַ יידישע פרוי, אַ פאַרשיקטע. זי איז פון וואַרשע, מיר קוקן זיך אָן. זי האָט מורא צו ריידן. איך האָב מורא צו פרעגן. עס ריידן אָבער אירע אויגן! עס רעדט איר געזיפֿץ. איך פאַרשטיי אַלץ.

בעת נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָוונאַ האָט אָנגעהויבן צו ריידן צו מיר מיט אַזאַ שטוינענדיקער אָפֿנקייט, האָב איך זיך פאַרנייגט פאַר איר מיט דאַנקבאַרקייט און שטיל געשעפּטשעט:

— איך בעט אייך, לאָמיר שווייגן. איך פאַרשטיי אַלץ וואָס איר ווילט מיר זאָגן. איך בין דורכגעפאָרן דעם פּאָטמער לאַגער, ווייל אַנדערש האָט מען נישט געקענט אַהערקומען. צוליב דער מלחמה איז געבליבן אָפֿן נאָר ד ע ר וועג קיין טענגושעוואָ. אַ, די וועלדער, די בעריאָזקעס און די אָפֿענע פעלדער וועלכע ציען זיך אויף צענ־דליקער קילאָמעטער...

איך האָב געוואָלט מיט מיינע רייד אָוועקפירן זי פון דעם וואָס זי האָט מיר געוואָלט זאָגן.

— נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָוונאַ... איך האָב געזען און באַנומען... לאָמיר זיין פריינד... אייערע רייד וועלן פאַלן ווי שאָטנס צווישן אונדז... ווער ווייסט וואָס עס קען מאָרגן געשען מיט איינעם פון אונדז... פאַרוואָס זאָל דערנאָך פאַלן דער שאָטן פון פאַרדאַכט...

זי האָט זיך צעלאַכט הילכיק און אויפגעבונדן.

— שאָטנס פון פאַרדאַכט? עס איז שיין געזאָגט. עס איז דיכ־

טעריש... ווילט איר, אַז איך זאָל מער נישט קומען צו אייך? איר שרעקט זיך פאַר מיר? איר טרויט מיר נישט?

נאַדיעזשדאַ האָט מיר אויסגעשטרעקט אַ האַנט:

— גוט. אַזוי זאָלט איר תמיד ענטפערן... מיר וועלן זיין פריינד.

איך האָב געהערט ווי זי האָט אין הויף שטיל גערעדט מיט דער אַלטער פויערטע, אין וועמענס כאַטע איך האָב געוווינט, און דערנאָך איז זי אַוועק.

צוויי וואָכן זענען פאַרביי און איך האָב פון נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָווגאַ נישט געהערט.

עס האָט זיך צוגערוקט דער טאָג פון מיין מאָביליזאַציע אין דער אַרמיי. אין די צוויי וואָכן זענען געשען פאַרשיידענע, אויבן־אויפיק, קליינע געשעענישן וועלכע האָבן אָבער געהאַט פאַר מיר אַ באַדייטונג; דער מאַרדווינער, דער שול־דירעקטאָר, איז מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַרמיי. פאַטימאַן האָט מען אַרויסגערופן צוויי מאָל אין דער ציגלנער געביידע. זי איז פון דאָרט צוריקגעקומען אַ נאָך מער פאַרשלאָסענע. איצט האָט זי מיך אויסגעמיטן, נאָר פון צייט־צו־צייט האָב איך דערשפּירט אויף זיך איר בליק, וואָס איז געווען פול מיט טרערן און געבעט פון פאַרגעבונג און אַז איך האָב געמאַכט אַ שפּאַן צו איר, האָט זי האַסטיק פאַרשטעלט איר פּנים מיטביידע הענט און זיך אויסגעקערעוועט. איך האָב זי דערנאָך געזען שטיין אין אַ ווינקל און צוקן מיט די אַקסל אין אַ שטיל געוויין.

עס האָט אויסגעזען אומגלויבלעך; מען האָט מיר אויסגעטיילט אַ וואַרעמע קאָלדרע און איך האָב באַקומען עטלעכע מאָל צעטלען אויף שפּייז פון ספּעציעלן פאַרמאַכטן מאַגאַזין, וואָס איז געווען באַשטימט נאָר פאַר די וויכטיקע באַאַמטע.

מאַריאַ פעריפעראָווגאַ האָט מיר געזאָגט, אַז מען האָט געשיקט פאַר מיר צוויי ווילדע קאַטשקעס און אַ פונט געקאָכטן פוטער. דאָס האָט באַזאָרגט די מאָסקווערין.

איין טאָג פאַרן אַוועקגיין אין דער אַרמיי איז געקומען נאָ־

דיעזשדאַ. זי איז געווען נאָך שענער און נאָך רייכער געקליידט ווי דאָס ערשטע מאָל. דער פּעלץ איז געהאַנגען אויף אירע אַקסל און פון איר האַלדז האָט אַראָפּגעלויכטן אַ דרייפּאַכיקע שנור מאַלאַ־כיט־קרעלן. איר פּוכיקע בלוזע, געשטריקט פון אַנגאָראַ־וואָל מיט דעם ווייס־ליכטיקן הוט, האָבן געלויכטן ווי אַן אָרעאָל. איר פּנים איז געווען פריש און אויף די שיפּלעכע קינבאַקן האָבן זיך נאָך געמיניעט די לעצטע נישט־צעטייעטע שניי־פלאַטערלעך.

איידער איך האָב נאָך איר געוואָלט עפּעס זאָגן, האָט זי מיט אַ וואַרעמען שטראָם רייד פאַרבאָטן צו דאַנקען פאַר דעם וואָס זי האָט געשיקט.

— מיין פאָטערס אַלטע פריינד האָבן געבראַכט עטלעכע ווילדע קאַטשקעס פון יאַגד. נו, האָב איך צוויי צו אייך געשיקט. אַ לאָמיר וועגן דעם נישט ריידן.

איך האָב זי געוואָלט פרעגן וועגן די קליינע ענדערונגען אַרום דער שול, וועגן דער פלוצעמדיקער מאָביליזאַציע פון מאַרדווינער, וועגן די אַלערליי צוטיילונגען פון שפּייז וואָס איך האָב באַקומען. איך האָב אָבער באַשלאָסן דאָס נישט צו טאָן. איך בין געווען זיכער, אַז נאַדיעזשדאַ האָט אין דעם אַלעם געהאַט אַ האַנט.

— ווען גייט אייער פּאַרטיע אַוועק? — האָט זי פלוצעם געפרעגט.

— מאָרגן.

— גיט אַכטונג אויף זיך. פאַרגעסט נישט, אַז איר זענט דער לעצטער, דער איינציקער וואָס איז נישט אין די נאַצישע הענט, פון אייער גאַנצער משפּחה. ווער ווייסט וואָס עס דערוואַרט זיי? איר דאַרפט בלייבן לעבן. איך האָב געוואָלט אייך פיל זאָגן. איר זענט אָבער געווען קעגן דעם, אַז איך זאָל דערציילן. איצט איז געקומען די רגע דערצו. איר וועט מיך אויסהערן?

איך האָב אַריינגענומען דעם קאָפּ איןביידע הענט און לאַנג געקוקט אויף אירע שיפּלעכע, פייכטע, ליכטיק־גרינע אויגן, אויף די באַוועגלעכע ליפּן, וועלכע זענען אָפטמאָל געווען לויז, און אָפט־מאָל פאַרפרעסט, אויף די אויגן־וויעס ציטערנדיקע און ברעמען

װעלכע זענען זיך צונױפֿגעלאָפֿן און פֿאַנאַנדערגעגאַנגען, לױט אירע פּנים־אױסדרוקן און שטימונגען.

עס איז איר געװאָרן, זעט אױס, נישט באַקװעם מײַן דורכדרינגענ־דיקער און פֿאַרשנדיקער בליק. זי האָט זיך אױפֿגעשטעלט און צוגע־גאַנגען צום קלײנעם פֿענצטערל. בײַ דער זײַט איז געלעגן מײַנס אַ העפֿט און אַן אָפֿן בוך. נאַדיעזשדאַ האָט אָנגעהױבן בלעטערן דאָס העפֿט. זי האָט דערזען מײַנע אײליק־געמאַכטע צײכענונגען מיט בלײַ און מיט אַ טינט־פֿעדער. דאָס זענען געװען לאַנדשאַפֿטן האַרבסטיקע, װינטערדיקע און פּנים־שטריכן פֿון דאָרפֿס־אײַנװױנער: צװײ פּױערטעס מיט קראָמיסלעס בײַ דעם ברונעם, פּױערים אין פֿעלד, די װינטמילן, די ברעגן פֿון מאָקשאַ־טײַך.

— אַ טרױעריקע װעלט — האָט זי פֿלוצעם געזאָגט.

איך האָב נישט געװוּסט, אױב זי מײנט דערמיט מײַנע העפֿט־צײכענונגען, אָדער, די צװײ פּױערטעס װעלכע האָבן געשלעפּט אַ שװערן שליטן מיט האָלץ פֿון דעם װאַלד. פֿופֿצן קילאָמעטער פֿון אײן זײַט און פֿופֿצן קילאָמעטער צוריק. דרײַסיק װיאָרסט האָבן די צװײ פּױערטעס דורכגעמאַכט כּדי צו באַזאָרגן זײער שטוב אױף עטלעכע טעג מיט װאַרעמקײט.

— נאַדיעזשדאַ, איך בעט אײַך, דערצײלט מיר דאָס װאָס איר האָט געװאָלט דעמאָלט זאָגן. איצט מעגט איר דאָס טאָן. איך װיל אַלץ װיסן. דערצײלט מיר װעגן זיך. װער װײסט אױב מיר װעלן זיך װען עס איז באַגעגענען? עס איז געװען אײנמאַליק, אַזאַ געפֿיל האָב איך. רײד צו מיר. איך גײ אַװעק װײַט, צו מאָסקװע. דאָרט שלאָגט די לעצטע שעה פֿאַרן גורל פֿון דעם לאַנד און אפֿשר פֿאַר דער גאַנצער מענטשהײט. נאַדיעזשדאַ...

אױך איך בין געװען איבערגעפֿולט מיט ליבשאַפֿט און מיט װאַרעמקײט װעלכע איך בין גרײט געװען אין יענעם טאָג, ערבֿ דער מאָביליזאַציע, איר אַװעקצושענקען.

— איר פֿאַרשטײט? — האָט זי געזאָגט, און פֿלוצעם זיך גע־כאַפּט, אַז זי באַגײט אַ פֿעלער און פֿאַראַכטן; — דו, מישאַ, פֿאַר־

שטייסט ? איך האָב דערזען דאָס בייזע, דאָס שלעכטס. איך בין געשטאַנען פּנים אל פּנים מיט אים אַליין, מיט סטאַלינען. מיט אָט דעם וואָס הערשט אין קרעמל. איך האָב אים געזען אין זיין אומ־היימלעכן קרעמל. „אייער מאַן איז שוין באַפרייט געוואָרן. גייט אַהיים״. ווען איך בין געקומען אַהיים האָב איך שוין געפונען אין שטוב אַ טעלעגראַמע פון מיין מאַן : „דערוואַרט מיך. איך בין שוין אין צוג אויפן וועג קיין מאָסקווע״.

## קאפּיטל דריי

נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָווגאַס קול איז געווען שטיל און האָט וויברירט מיט אַ דינער מעלאַדישקייט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די ווארעמקייט פון איר שטים שלאָגט זיך אָפּ אין מיר ווי די מילדע כוואַליעס פון אַ ברעג אין אַ שטילן און זוניקן טאָג, אַז עס איז ליכטיק אַרום מיר. אין דרויסן איז אָבער געשטאַנען אַ פערציק־גראַדיקער פראָסט.

יעדער טריט אין שניי האָט הילכיק אָפּגעסקריפּעט, און פון פראָסט האָט זיך געהערט אַ געקנאַק ווי עס וואָלטן זיך נאָענט איבער־געבראָכן איינגעטריקנטע צווייגן.

טונקעלע שאָטנס און אַ נעפּל־געפּריר זענען געלעגן נידעריק ממש אויף די שניי־דעכער.

— אַנטשולדיקט, פאַרוואָס רעדט איר אַזוי אָפן צו מיר? נאַ־דיעזשדאַ, איז דען נישט בעסער דאָס שווייגן?

— אפשר? אַמאָל האָט שווייגן דערנענטערט. אין אונדזערע טעג באַדייט שווייגן פאַר אַ נאָענטן מענטש גלייכגילט צו זיין לעבן. איך וואָלט געזאָגט נישט בלויז גלייכגילט, נאָר אכזריות און מיטשולד.

זי האָט אָוועקגענומען מיינע הענט און באַטראַכט מיין פּנים. די וואַרעמקייט, וועלכע איך האָב פריער אויסגעפילט בעת זי האָט גערעדט, האָט מיך איצט אַרומגענומען. אויף מיין שטערן האָבן זיך באַוויזן טראָפּנס פייכטקייט. נאַדיעזשדאַ האָט זיי לייכט אַרומגעווישט און געשעפּטשעט מיט אַ שולד־געפיל:

— איר זייט אומרויִק... איר שרעקט זיך... איר האָט נאָך אַלץ נישט קיין צוטרוי צו מיר...

עס איז אָבער נישט געווען קיין אומרו, נישט קיין שרעק און נישט קיין אומצוטרוי.

דאָס וואָס האָט מיך באַצווינגען איז געווען איר קול און די וואַרעמקייט פון דער אומבאַקאַנטער פרוי אין דעם אויסגעפרוירענעם און פאַרשנייטן מאָרדווינישן דאָרף.

איז דאָס טאַקע אַ ווירקלעכקייט ? דאָ, אין דעם טייל פון גרויסן רוסלאַנד, ווו די פויערים לעבן אַזוי ווי אין די צייטן פון איוואַן דעם גרויזאַמען און קליידן זיך אַזוי ווי מיט עטלעכע דורות צוריק, אָטאָ דאָ, זאָל זיך באַווייזן, אַזוי אומגעריכט, אין דער סאַמע שווערסטער צייט מיינער, זי, נאַדיעזשדאַ ?

ניין, עס איז אומגלויבלעך. עס איז אויסטערליש, עס איז אַ חלום.

איך האָב פאַרהאַלטן איר האַנט אין מיינע הענט און צוגעלייגט אירע פינגער צו מיינע ליפּן.

— איך שרעק זיך נישט. ניין, נאַדיעזשדאַ... — איך האָב זיך געכאַפּט, אַז עס איז נישט העפלעך פון מיין זייט זי צו רופן נאָר אויף דעם פאַרנאָמען, נישט אָנרופן זי ביים פאַטערס נאָמען און געוואָלט דאָס אויסבעסערן. זי האָט אָבער אַ לייכטן נייג געטאָן דאָס פּנים פון צופרידנקייט. — נאַדיעזשדאַ — האָם איך זיך אָנגענומען מיט דרייסטקייט, און צוגעגעבן: — איך גלייב נישט...

זי האָט אָנגעשטעלט פרעגנדיקע אויגן.

— איר גלייבט מיר נישט ?

— איך גלויב זיך נישט, אַז דאָס וואָס איר זענט איצט דאָ מיט מיר איז רעאַל. איך באַנעם נישט אייער פריינדשאַפט. פאַרוואָס ? איך בין פאַר אייך נישט בלויז אַ פרעמדער, נאָר אַ נע־ונדער, אַ תמיד הונגעריקער, אַ פאַרדעכטיקער, אַן עוואַקויִרטער... מיינע ליפּן זענען פאַרטרוקנט, מיינע הענט ציטערנדיק, מיינע מלבושים אָפּגע־טראָגענע. מיין קול איז הייזעריק פון לערנען אין די קאַלטע קלאַסן פון דער שול, מיינע אויגן זענען טרויעריקע. און איר ? זעט איר זיך איצט אַליין ? די זאַטקייט פון אייער פּנים, די ציכטיקייט, אייערע געפלעגטע הענט, די יום־טובדיקע קליידער אייערע, דער פעלץ, די

געפּאַסטע ווייסע וואַלענקעס, אייער גאַנצער געשטעל. נאַדיעזשדאַ...

איך האָב איר נישט געוואָלט דערציילן, אַז מיט עטלעכע נעכט צוריק האָט מען געקלאַפּט אין מיין פענצטער. עס איז שוין געווען אַרום צוויי ביינאַכט. דער גענעראַטאָר האָט געטיק־טאַקט.

איך האָב זיך דערמאַנט די רייד פון איוואַן פראַסטאַווילין, מיין באַלעבאַס, אין וועמענס כאַטע איך האָב געלעבט, וועגן די נאַכט־אַרעסטן. איז מען געקומען נאָך מיר? אַ קול האָט מיך גערופן ביים נאָמען. איך בין ארויס אויפן גאַנעק. אַן אַלטע פוייערטע, פארקוטעט אין אַ שאַל, האָט וויינענדיק געזאָגט: „סינאַק מאַי, ניעסטשאַסני מאַי, זיי רופן דיך!״ — איך האָב געזען ווי זי האָט זיך איבערגעצלמט. „ווער ביסטו, באַבושקאַ?״ — האָב איך איבערגעפרעגט. — „איך בין אַ דעזשורנע אין סעלסקי סאָוועט. פון דער ליכטיקער געביידע האָט מען טעלעפאָנירט, אַז מען זאָל דיך אהינשיקן. גיי, סינאָק און זאָל דיך דער האַר פון די ניעביאָסעס באַגלייטן״. זי האָט זיך נישט אויפגעהערט צו צלמען. מיר האָט זיך אין יענער רגע אויסגעדאַכט, אַז דאָס איז דער סוף. שוין. עס איז געקומען מיין רייע. איך ווייס נישט וואָס עס איז מיט מיר געשען אין די מינוטן. איך בין נישט צוריק אַריין אין דער כאַטע נעמען מיין מאַנטל און נישט מיין הוט. איך בין האַסטיק אַראָפּגעשפּרונגען די עטלעכע טרעפּ פון גאנעק און אָנגעהויבן לויפן. איך בין געפאַלן, אויסגעגליטשט זיך, געזונקען אין שניי, געלאָפן מיט שנעלקייט גלייך צו דער „ליכטיקער געביידע״ פון דער נ.ק.וו.ד. וועלכע האָט געלאָזט באַפעלן, דורך דער באַבושקאַ פון סעלסאָוויעט, אַז מען זאָל מיך שיקן.

איך האָב זיך עד־היום נישט אָפּגעגעבן קיין חשבון פאַרוואָס בין איך אַזוי געלאָפן? פאַרוואָס האָב איך נישט גענומען מיין מאַנטל און נישט מיין הוט? אין דרויסן איז דאָך געשטאַנען אַ פראָסט פון איבער פערציק גראַד?

איך האָב ברייט צעשפּרייט די פראַנטיקע טיר פון דער נ.ק.וו.ד.־געביידע. אַ וועכטער האָט זיך אַ ריס־געטאָן פון אָרט, אויפגעקנעפּלט

די רעוואָלווער־טאַש און אויסגערופן: „העי, וואָס איז געשען?"
„עס איז גאָרנישט געשען". „אַזוי גאָרנישט? טאָ וואָס האָסטו, הינ־טישער זון, געלאָזט אָפן די טיר?" איך האָב צוגעמאַכט די טיר. „טאָוואַרישטש... מען רופט מיך... מען האָט געשיקט נאָך מיר... איך וויל נישט פאַרשפּעטיקן"... „כאַ־כאַ־כאַ... סמאַטריטע! קוקט אים אָן! ער וויל נישט פאַרשפּעטיקן! כאַ־כאַ־כאַ"...

עטלעכע פאַרשוינען אין מונדירן ביי די טישן האָבן זיך איבער־געקוקט און דערנאָך מיך באַטראַכט מיט שפּאָט און פאַראַכטונג. „זעץ דיך! דיין נאָמען?" איך האָב אָנגערופן מיין נאָמען. ווי אַן עכאָ האָבן אים איבערגעחזרט עטלעכע מענטשן און אַריינגערעדט אין די טעלעפאָן־טרייבלעך.

איך בין געזעסן אויף אַ באַנק, אָנגעשפּאַרט מיטן רוקן צו אַ קילער שטיינערנער וואַנט. ווי לאַנג בין איך אַזוי געזעסן? דאָס האָב איך נישט געוווּסט ווייל איך האָב פאַרלאָרן דעם זין פאַר צייט. אפשר עטלעכע רגעס און אפשר אַ שעה? פאַר מיר האָט זיך אָפּגע־שטעלט די צייט. עס איז דער סוף, וואָרעם איך וועל נישט ארויס פון דאַנען. עס איז נאָך פון דאַנען קיינער נישט אַרויסגעגאַנגען אַליין. פון דאַנען האָט מען אין די טיפע נעכט פאַרשיקט. איך בין גערופן געוואָרן. צו ערשט האָב איך נישט רעאַגירט אויף אויסרופן מיין נאָמען. מיר איז אויסגעקומען, אַז דאָס מיינט מען אַן אַנדערן, איינעם וועלכן איך האָב געקענט און וואָס האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן. איך בין קיינער נישט. איך בין אַן אויסגעפּרווירענער שטיין. „היי, מען רופט דאָך דיך!" האָט מען מיר אַ שטויס־געטאָן. איך האָב זיך האָסטיק אויפגעשטעלט. „מיך רופט מען?" איך בין געגאַנגען אויף טרעפּ, מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ טונקעלן צימער. בלויז דער טיש איז געווען באַלויכטן פון אַן עלעקטרישער לאָמפּ. איך האָב דערזען אַ ברייט רונדיק פּנים מיט שיפּע אויגן. „זעצט אייך". אַ געבעטער פאָטעל. לעבן מיר אַ ווייכע קאַנאַפּע. אויף די פענצטער גאַרדינען. די טיר איז באַקלאַפּט געווען מיט טונקעלע לייוונטן. עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך בין אין

אַ שיינער וואוינונג. „וואָס איז מיט אייך, מענדעל פּייסאַכאָוויטש ? ווו איז אייער הוט ? פאַרוואָס זענט איר אָן מאַנטל ?״ איך האָב געזען ווי אַזוי ער באַטראַכט מיך לאַנג און שאָקלט מיטן קאָפּ.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז כ׳דאַרף זיך פאַרטיידיקן הלמאי איך בין אין אַזאַ מעמד. עס איז נישט אָנשטענדיק און אפשר באַליידיקנ־דיק אַזאַ הולך. איך האָב אָבער באַנומען, אַז עס איז נאָך פריצייטיק אים צו זאָגן, אַז עס איז מיר אַלץ איינס, אַז מיט דער רגע, ווען מען האָט געקלאַפּט אין מיין פענצטער און מיך גערופן אהער האָב איך אַלץ אויפגעגעבן און עס איז מיר שוין נישט געווען קיין אונטערשייד. און נאָך האָב איך געוווסט, אַז די פויערים אין ווענמענס כאַטע איך וווין, וועלן דערנאָך קענען פאַרקויפן מיין מאַנטל און מיין הוט, כדי צו דעקן מיין חוב פאַר דעם נישט־באַצאָלטן ווינקל. פאַר־וואָס זאָל איך בלייבן שולדיק געלט ? איך וועל דאָס זיי אָנזאָגן דורך איינעם פון די, וועלכע וועלן מיך באַגלייטן... „מיין הוט ?״ — האָב איך זיך ווי געכאַפּט. „אַ, מיין מאַנטל ? איר פאַרשטייט, איך האָב זיך געאיילט״. עס איז געווען אומהיימלעך שטיל. „אַזוי, איר האָט זיך געאיילט ? ניטשעוואָ ! זאָגט מיר, דאַראָגאָי, ווי געפעלט אייך אונדזער לאַנד ? זענט איר דאָ גליקלעך ?״

איך האָב געקוקט אויף דעם זייגער איבער דעם נ.ק.וו.ד.־באַאַמטן. עס איז געווען גענוי דריי אַזייגער אין מיטן דער נאַכט. גאָט, האָב איך געטראַכט ; איך בין אין סאמע מיט פון רשעות. אין אַ פּראָסטי־קער, פאַרשנייטער, הונגעריקער וועלט. איך בין ביים ראַנד פון תהום. מיינע ליפּן זענען פאַרפרעסט, אַז איך זאָל נישט אויסשרייען מיין שרעק־געשריי, אַז איך זאָל זיך נישט איינברעכן אין די קני, אַז איך זאָל גובר זיין זיך אַליין און הכנעהדיק אָננעמען דעם גזר. „עס געפעלט מיר״ — האָבן געציטערט מיינע ליפּן... „עס געפעלט מיר... איך בין גליקלעך... גליקלעך...״

ווידער אַ שווייגן. און אומגעריכט האָט זיך דער פאַרשוין אויפ־געהויבן. ער איז געווען גרויס, ברייט, אָנגעווירן. ער איז נישט איינ־

געשטאַנען, נאָר געוויגט זיך. „אויב אַזוי איז גוט, כאַראַשאָ, כאַראַ־שאָ... גייט אַהיים... איצט ווייסן מיר אייער אַדרעס... גייט אַהיים..."
איך האָב געמאַכט אַ טריט צו דער טיר, דערנאָך נאָך אַ טריט און זיך נאָך אַמאָל איבערגעפרעגט: „קען איך טאַקע גיין אַהיים?" ער האָט מיר נישט געענטפערט, נאָר אָנגעוויזן אויף דער טיר. „ספּאַ־סיבאָ... ספּאַסיבאָ... אַ דאַנק..." — האָב איך געזאָגט, און די ווערטער האָבן מיך געבריט מיט פּראַסטיקייט און אַז איך בין שוין געווען אויף דער גאַס, האָב איך דערפילט שפּאָט און שאַנדע צו זיך אַליין. ווען איך בין אַריין אין מיין כאַטע, האָט איוואַן פּראַסטאַווילין גערעדט צו מיר פון אויוון־פּיעקעליק: „וווהין האָבן דיך, מישאָ, די ביעסן פאַרשלעפּט? וואָס האָסטו אָנגעטראָגן מיט זיך אַזאַ קעלט און אַזאַ פראָסט?"
עס איז געווען אין מיטן דער נאַכט. ווייט, ווייט האָבן געוויינט וועלף און איך האָב שטיל מיטגעוויינט מיט דעם וועלפישן געוויין. פאַרוואָס? דערפאַר, ווייל איך האָב באַוויינט מיין הכנעה, מיין געפאַלנקייט, מיין נישטיקייט. איך בין אַן אויסגעפרוירענער שטאָם, איך בין אַ שטיק שטיין. איך בין אַן אייז־קריע. איך עקזיסטיר שוין מער נישט.

בעת איך האָב געקושט נאַדיעזשדאַס האַנט האָט די אייז־קריע אין מיר אָנגעהויבן צו טייען. איך האָב זיך ווי אָפּגעפּונען. איך האָב פּאַמעלעך אָנגעהויבן צו דערוואַכן.
— איצט שפּיר איך, אַז איר וועט אויפנעמען מיינע רייד. אין דעם לאַנד קענען נאָר רייד, אָפענע, דרייסטע, אינטים דערנענטערן מענטשן. — האָט נאַדיעזשדאַ געזאָגט, אַקצענטירנדיק מיט אַ באַזונ־דירן ניואַנס דאָס וואָרט „אינטים". — איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז מיין מאַן איז געווען דריי יאָר פאַרשיקט אין ווייטן סיביר. עס איז געשען פּלוצים. אַ טעלעפאָן האָט געקלונגען אין מיטן דער נאַכט. ער איז אַוועק. איך האָב געוווּסט אַלע פּרטים פון דעם אַרעסט, פון די באַשולדיקונגען, געוווּסט, ווען ער וועט געפאַרשט ווערן און ווען

ער וועט אַריבערגעפירט ווערן אין לוביאַנקע און אין וועמענס הענט עס איז זיין גורל. איך האָב זיך אומעטום דערשלאָגן. ווי אַזוי? אומעטום האָב איך געהאַט פריינד און מיינע פריינד האָבן אויך געהאַט פריינד. איך האָב געקענט אַלעמען פון קרעמל. איך האָב זיך באַטייליקט אין די אויפנאַמעס פאַר אויסלענדישע געסט, פאַר דיפּלאָמאַטן פון פאַרשידענע מלוכות. איך האָב זיך באַוויזן אין לאָזשעס פון דעם באַלעט־זאַל, פון די טעאַטערן, אין די גרויסע מאַגאַזינען, אויף די דאַטשע־ערטער, אין קרעמלאָווסקן זאַל, נישט דערפאַר, ווייל מיין מאַן איז געווען דער פאַרטרעטער פון אינדוסטריי־מיניסטער, דער באַקאַנטער אינזשיניער יאַקאָוו סאַמועלאָוויטש מינטשעל? דאָס איז געשען דערפאַר, וואָס איך בין געווען פאַר זיי אַ מאַנעקען? איר פאַרשטייט דאָס, וואָס הייסט אַ מאַנעקען? מען האָט געדאַרפט באַווייזן פאַר די אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן די סאָווע־טישע רייכקייט און דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פון מאָסקווע, דערצו האָבן געדינט אַ צוויי צענדליק סטאַטיסטינס, שיינע פרויען, עלעגאַנטע, מיט מאַנירן, וואָסריידן פרעמדע שפּראַכן. איך בין געווען פאַר זיי ווי אַנגעמאַסטן און דערצו פאַרלעסלעך. די קאַריערע פון מיין מאַן האָט ער געהאַט מיר צו פאַרדאַנקען. ער וואָלט אַלץ געווען דער פּראָווינצער אינזשיניער פון אַ טראַקטאָר־פאַבריק אין ווייסרוסלאַנד. דורך מיר איז ער דערהויבן געוואָרן ביז אָנצופירן מיט דעם וויכטיקסטן מיניסטעריום פון לאַנד. אַז מען האָט אים פאַר־שיקט, האָב איך דערפאַר געפילט די שולד. יאָ, עס איז מיין שולד, הלמאי איך האָב אים דערפירט ביז צום קרעמל. יאָרן בין איך געווען די רעפּרעזענטאַנטיווע דאַמע פאַר די קרעמל־עלטסטע. איר שטעלט זיך נישט פאָר ווי אָרעם עס זענען געקליידעט און ווי נעבעכדיק עס זעען אויס די פרויען פון די הויכע דיגניטאָרן פון אונזער לאַנד? איצט איז שוין אַביסל בעסער. בודיאָניס ווייב איז אַן אַלטע קאָ־זאַטשקע מיט אַ געשטעל פון אַ באַי־באַבאַ, אין אַ קאַפּטיכל און גלאַנציקע כראָמאָווע שטיוול.

מען האָט מיך אַרויסגערופן עטלעכע מאָל אין טאָג און אָפט אין

די נעכט. קליידער האָט מען אונדז געבראַכט פון אויסלאַנד. מען האָט אונדז געגעבן אויסלענדישע מאָדע־זשורנאַלן. מיר האָבן געדאַרפט אַרומדרייען זיך אין די זאַלן בעת די אויפנאַמעס, אַז די אויסלענדער זאָלן אונדז זען. אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן פינף יאָר. איך האָב געקענט אַלעמען פון קרעמל. נישט בלויז דאָס פּאָליט־ביוראָ, נאָר אויך די אויסלענדישע אַמבאַסאַדאָרן און זייערע פרויען, די פאַר־דינסטפולע קינסטלער און שרייבער פון דער ערשטער מדרגה, וואָס רוסלאַנד האָט פאַרמאָגט, אַלע האָב איך געקענט. איך האָב געקענט בעריאַ און זיינע געהילפן. פון זיי זענען מיר געווען אָפּהענגיק און זיי האָבן געהאַלטן אויף אונדז אַן אויג. — — —

נאַדיעזשדאַ האָט איבערגעריסן דאָס ריידן און מיך באַטראַכט. זעט אויס זי איז אויסן געווען צו געפינען שפּורן אין מיין פּנים פון אירע ווערטער. איז מיין אומרו און שרעק פאַרגאַנגען? גלייב איך איר? האָב איך צוטרוי צו איר?

— איך דערצייל אייך אַלץ, ווייל איך מוז. איר גייט אַוועק אויפן פראַנט. טראָגט מיט זיך אַוועק דעם אמת און דאָס געפיל פון מיין פריינדשאַפט! אפשר, וועט קומען אַ צייט, ווען דאָס, וואָס איך דערצייל אייך, וועט דערגיין צו דער וועלט? איך וועל תפילה טאָן פאַר אייך, מישאַ.

האָט זי געוויינט? מיר איז אויסגעקומען, אַז איך זע אירע פייכטע אויגן.

— איך האָב אַלץ געטאָן פאַר מיין מאַן. איצט בין איך געבליבן אַליין מיט מיין יינגעלע און מיט מיין אַלטן פאָטער אין דעם דאָרף. ער, ווען איך האָב געראַטעוועט, צוריקגעשטעלט אים אין זיינע אַמאָליקע רעכט, האָט מיך אָפּגענאַרט. ער לעבט מיט אַן אַנדערער. דאָס האָב איך זיך דערוווּסט פאַר אונדזער ערשטער באַגעגעניש. מיינע באַקאַנטע, וועלכע אַרבעטן מיט מיין מאַן אין אַמסק, ווייל דאָס מיניסטעריום זיינס איז אַריבערגעפירט געוואָרן קיין אַמסק פון מאָסקווע, האָבן מיר וועגן דעם געשריבן. איצט פאַרשטיי איך, פאַר־

וואָס ער האָט מיך צוגערעדט, אַז איך זאָל פאָרן אין מיין געבוירן־אָרט און נישט קיין אַמסק, צוזאַמען מיט אים.

איר פּנים איז אויף אַ רגע פאַרלאָפן געוואָרן מיט שטרענגקייט. איך האָב געזען נאָר עטלעכע באַוועגלעכע קנייטשן ביי די ליפּן־ווינקלען און דערקענט נישט נאָר עקשנות, נאָר אַ געראַנגל ביי צוקומען אַ ווייטיק. און אין אַ רגע האָט זיך פאַר מיר נאַדיעזשדאַ אנט־פּלעקט. זי האָט נאָך געהאַט טרערן און דורך די טרערן האָט זי געשמייכלט צו מיר.

— יאָ, מען האָט מיין מאַן פאַרשיקט. דאָס איינציקע, וואָס איך האָב געקענט פועלן איז געווען, אַז מען זאָל אים שיקן אין אַ לאַגער, ווו ער זאָל קענען פיזיש איבערהאַלטן. איך האָב באַשלאָסן אים צו באַגלייטן, אַדאַנק מיינע באַמיִונגען האָב איך דאָס דערגרייכט. באַגלייטן דעם מאַן אין פאַרשיקונג! דאָס איז דאָך אַ גליק! איך האָב אָבער געדאַרפט אָוועקגעבן מיין גאַנצע גאַרדעראָבע פאַר איינער פון די געליבטע פון אַ הויכן נ.ק.וו.ד.־דיגניטאַר.

— דריי יאָר בין איך געווען אין פאַרשיקונג מיט מיין מאַן. איך האָב געאַרבעט אין אַ הויז פאַר קינדער, וועמענס עלטערן זענען געווען פאַרשיקט. דאָס זענען געווען מיינע שרעקלעכע יאָרן. איר שטעלט זיך נישט פאָר דעם צער פון די קינדער! קראַנקע, געשוואָלענע, שטאַרבנדיקע, אויסגייענדיקע, אומגליקלעכע! בילדער, וועלכן האָבן געמאַכט גליווערן מיין בלוט. נאָך דריי יאָר האָב איך געוווּסט, אַז איך וועל מער נישט אויסהאַלטן, אויך מיין מאַן וועט נישט אויס־האַלטן. דאָס איז שוין געווען דער „גוטער לאַגער". ראַטעווען זיך! — האָב איך באַשלאָסן. איך מוז אַרויספאָרן פון דאַנען. וואָס פריער! איידער עס ווערט שפּעט! טעלעגראַמעס, בריוו, ווידער טעלעגראַמעס קיין מאָסקווע! אין קרעמל אַריין, צו לאַוורענטי בעריאַ! צו באַקאַנטע אַבלאַסטנאַיע סעקרעטאַרן, צו מענטשן פון ווערכאָווני סאָוועט! עס האָט געהאָלפן. איך האָב באַקומען רעכט צוריקצופאָרן. איך בין

דאָך נישט געווען קיין פאַרשיקטע, נאָר אַ פרייוויליקע. נאָך דריי יאָר בין איך אָנגעקומען קיין מאָסקווע. איך האָב באַנייט מיינע באַקאַנט־שאַפטן. עס איז פאַר מיר נישט געווען שווער. איך בין דעמאָלט אַלט געווען נאָך נישט קיין דרייסיק יאָר. און כאָטש איך האָב געהאַט אַ מאַן אין פאַרשיקונג, האָבן זיך טירן געעפנט פאַר מיר. עס איז אומגלויבלעך. יאָ. פאַר מיר, דער דוואָריאַנסקער טאָכטער! אָ, וויפל הכנעה ווייזן זיי אַרויס, די פראַסטאַקעס אין די שטיוול, די הויכע קאָמוניסטישע דיגניטאַרן, אַפשטאַמיקע פון אַנאַלפאַבעטן, פון פאַר־פינצטערטע כלאַפעס. אַליין האַלב גראַמאַטנע, האָבן זיי דאָס לשון פאַרלאָרן אַנטקעגן מיר. איך האָב געצאָלט אַ פרייז. פרעג נישט וויפל און פרעג נישט וועלכן פרייז! איך האָב דערגרייכט דאָס מייניקע. דורך דער העכסטער פראָטעקציע בין איך אָנגעקומען צו אים אַליין, צו דעם „פאָטער פון די פעלקער". ער האָט מיך דער־קענט פון די אויפנאַמעס אין קרעמל. וואָס איז עס געווען וואָס האָט דעצידירט, אַז ער אַליין זאָל פאַראָרדענען צו באַפרייען מיין מאַן? איז עס דער זשעסט פון אַ טיראַן אין אַ שעה פון מעלאַנכאָליע? איז עס געווען אַ ווילן צו באַווייזן זיין גרויסמוט? ווער האָט דען געקענט אָראָפלייענען פון זיין פנים? קיינער נישט! דאָס איז געשען אין יאָר 1938. אין אָקטאָבער איז מיין מאַן צוריקגעקומען נאָך דריי יאָר פון פאַרשיקונג! לויט אַ פאַראָרדענונג איז ער צוריקגעשטעלט געוואָרן אין אַלע זיינע פאַרטייישע און געזעלשאַפטלעכע רעכט. עס האָט זיך באַנייט אונדזער לעבן. איך בין ווידער געוואָרן איינגעלאַדן אין קרעמל, ווידער אַ מאַנעקען פאַר רעפרעזענטאַנץ־געסט, ווידער אין די לאָזשעס פון טעאַטערן, אין די מוזעומס בעת אויסשטעלונגען, אויף פייערלעכע מיטאָגן, ביז עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה. ער איז אַוועק קיין אָמסק מיט אַ געליבטער. איך בין דאָ! אין דעם פאַר־שנייטן און פראָסטיקן דאָרף פון מיין אַפשטאַם, אין אַ פאַרנאַכט איז מיר אַנטקעגנגעגאַנגען אַ מענטש. אָ, גאָט, עס איז דאָך דער סילועט פון מיין מאַן בעת דער פאַרשיקונג אין סיביר! אַזוי האָט ער אויס־געזען, עטוואָס געבויגן, אויפגעשטעלט דער קאָלנער, צער אין פנים

און אומענדלעכער טרויער. מישאַ, איר זענט פאַרביי ווי אַ ברוגזער
און ווי נישט באַמערקט מיך. פאַרוואָס ? האָב איך זיך געפרעגט.
פאַרוואָס פאַראַכט מיך דער יונגער מענטש, וואָס איז אַזוי ענלעך
צו מיין געוועזענעם מאַן, אַזוי ווי עס פאַראַכט מיך דער וואָס איז
דער פאָטער פון מיין זון ? פאַרוואָס ? אפשר איז עס מיין שולד ?
דאָס האָט מיך געצווינגען, צומאַרגנס, אָנצוקלאַפּן אין אייער טיר !
איצט זיצן מיר איינער אַנטקעגן אַנדערן און עס פאַרבינדן אונדז
די רייד וועלכע איך האָב גערעדט.

## קאַפּיטל פיר

דעם לעצטן פאַרנאַכט אין טענגושעוואַ, ערב מיין מאָביליזאַציע אין דער אַרמיי, האָט דער פראָסט נאָכגעלאָזט. דער שניי, וועלכער איז געפאַלן אַן אויפהער עטלעכע טעג, איז פאַרצויגן געווען מיט אַ בלענדיקן ליכט פון דער פאַרגייענדיקער ווינטער־זון.

איך בין ארויס פון שטוב, פאַרלייגט די פאַלעס פון מאַנטל, אַרומגעהילט דעם האלדז מיט אַ וואָלענעם שאַל און אָנגעהויבן צו שפּרייזן לענגויס דער ברייטער דאָרפס־גאַס, צו דער מערב־זייט. די זשיראַוו־ברונעמער, די נאַקעטע ווערבעס מיט דער אַרומגעגעסענער קאָרע, האָבן געוואָרפן דורכזעעוודיקע בלאָלעכע שאָטנס. פון טייל קוימענס האָט זיך געוויקלט אַ רויך. פון די גאנעקלעך האָבן געפירט שמאָלע, טונקל־בלאָע אויסגעטראָטענע סטעזשקעס, איינע — צו דער מיט פון גאַס, ווו עס האָט זיך געצויגן אַן אויסגעפאָרענער שניי־וועג ווי פון אַלט־אויסגעהאַמערטן זילבער, און דאָס צווייטע וועגל פון די גאַנעקלעך האָט זיך האַלב־רונדיק געוויקלט צום שכנס שטוב ווי אַ בלאָע לענטע. פון די הילצערנע טויערן, גרינלעך־ברוינע, האַלב־אָנגעלענטע, האָבן אַרויסגעקוקט שעפּסן. אויף שניי־בערגלעך האָבן גענישטערט עטלעכע הינער. אַ ציג איז געשטאַנען אויף די אונטערשטע צוויי פיס אויף אַ פּריזבע און געוואָלט דערגרייכן דעם שטרוי־דאַך מיט איר אויסגעקרומט פאַרהונגערט מויל.

לענגאויס דער דאָרף־גאַס האָבן זיך געמיניעט די דראָטן אויף הילצערנע סלופּעס; דאָס זענען נישט געווען קיין טעלעפאָן־דראָטן און נישט פון קיין עלעקטרע, נאָר פון ראַדיאָ. לעבן דער ציגלנער געביידע פון דער נ.ק.וו.ד. אין אַ הויז, וואָס האָט פאַר דער רעוואָ־

לוציע געהערט צו אַ קופּיעץ, איז געווען די דאָרפישע „ראַדיאָ־סטאַציע". זי איז באַשטאַנען פון אַן אָפּגעמער־אַפּאַראַט, וועלכער האָט געהאַט דראָט־פאַרבינדונגען מיט עטלעכע הונדערט הילכערס, אינסטאַלירטע אין די דאָרפישע כאַטעס. יעדן אין דער פרי און פאַר נאַכט האָבן די הילכערס אין די דאָרפישע היימען איבערגעגעבן נאָר דאָס וואָס מען האָט טראַנסמיטירט פון דער ראַדיאָ־סטאַציע. טייל מאָל האָט מען געקענט אויך הערן מיליטערישע לידער און „טשאַס־טושקעס". איך האָב געהערט אין דעם פאַרנאַכט, ווי פון אַלע הילכערס האָט זיך געטראָגן דאָס זעלביקע דעפאָרמירטע קול. באַלד וועט שטיל ווערן און די שאָטנס וועלן ווערן וואָס אַ מאָל אויס־געצויגענער, דורכזעעוודיקער ביז זיי וועלן זיך צונויפפלעכטן מיט דעם אָוונט וואָס פאַלט־צו.

איך בין אַרויס צו די אָפענע פעלדער. לינקס, אויף אַ הויכקייט, וואָס האָט זיך געצויגן עטלעכע וויאָרסט, זענען געשטאַנען דריי ווינטמילן.

אין דער נידער שפרייט זיך די מאָקשאַ. די ברעגן אירע זענען פאַרפרוירן, דער טייך איז באַדעקט מיט אַ דיקן אייז. אין ווינטער איז די בריק צענומען און די בריק־געהילצער זענען צוגעפעסטיקט מיט קייטן צום ברעג. כאָטש דער טייך איז נישט קיין ברייטער, איר דנאָ איז אַ זאַמדיקער און די ברעגן פון אַ געל־רויטלעכן ליים, גייט ער אָבער אַרויס, אין האַרבסט, פון די ברעגן און פאַרגיסט די פעל־דער אויף פינף און זעקס וויאָרסט די ברייט. איידער די אויסגעגאָ־סענע מאָקשאַ־וואַסערן באַווייזן נאָך צוריקצוגיין צו די ברעגן, הייבן זיך אָן די פרעסט און די וואַסערן ווערן אויף די פעלדער פאַרפרוירן. דערנאָך פאַלן די שנייען און פון טענגושעוואָ, אויף לאַנגע וויאָרסטן, שפרייט זיך אַ ריזיק פאַרפרוירענער אייזיקער פעלד־פלאַך.

צו די ווינטמילן האָט געפירט אַ שוואַך־אויסגעטראָטן וועגל. זעט אויס, אַז נאָר אַ צוויי דריי מענטשן זענען דאָ היינט געגאַנגען.

די פויערים אין טענגושעוואָ טראָגן פון צייט צו צייט אַ האַלב זעקל קאָרן אויף צו מאָלן. טייל מאָל פאַרפאָרט אַ קאָלכאָזנער וואגן

מיט עטלעכע זעק תבואה. אַ גאַנצן ווינטער שטייען די ווינטמילן מיט צוגעבונדענע פליגל. די פּויערים מאָלן זייער אָרעם ביסל קאָרן אויף אַליין־געמאַכטע האַנט־מילעכלעך. איך האָב פיל מאָל געהאָלפן איוואַן פּראָסטאַווילינען דרייען דאָס הענטל פון אַ פלאַכן שטאָם וועלכער איז געווען באַקלאַפּט מיט שטיקלעך פון אַ צעקלאַפּטן טשוגון. אויף די צוויי האַלץ־שטאַמען, אויסגעקאָוועטע מיט טשוגון־שפּליטערס, האָבן מיר אַרויפגעשיט קערנער און אַזוי לאַנג געדרייט ביידע שטאַמען ביז די קערנער האָבן זיך צעמאָלן אויף מעל.

איך האָב גוט געקענט די פאַשע־פעלדער וועלכע האָבן זיך געשפּרייט צופוסנס פון דער הויכקייט ווו עס זענען געשטאַנען די ווינטמילן. איצט האָב איך געזען די אייז־באַדעקטע און פאַרשנייטע פלאַכן וועלכע האָבן דערגרייכט ביז צו די וועלדער. אויף די האָריזאָנטן האָבן זיך אָנגעזען די שכנותדיקע דערפער. אין דעם ערשטן דאָרף, באַשקירצי, געפינט זיך דאָס גרויסע הילצערנע הויז פון זעמסקי אַגראָנאָם, דער פאָטער פון נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָוונאַ.

אויב איך זאָל זיך אַראָפּלאָזן פון די שטראָמע הויכקייטן, דורכשפּאַנען דאָס פאַרפרוירענע פעלד, און גיין גלייך אויפן דאָרף, דורך די טיפע שנייען, וועל איך די דריי קילאָמעטער דורכמאַכן ביז עס וועט צופאַלן דער אָוונט. מאָרגן וועט אוודאי נאַדיעזשדאַ קומען, בעת איך וועל וואַרטן לעבן דעם סיעלסקי־סאָוויעט אויף די פורן, וואָס זאָלן מיך צוזאַמען מיט אַלע מאָביליזירטע אָוועקפירן קיין באַראַשאָווע, צו דער שמאָלער קאָלייקע און פון דאָרט ביז פאַטמאַ, צו דער הויפּט־באַן־פאַרבינדונג מיט מאָסקווע.

איידער נאָך איך האָב געהאַט באַטראַכט אויב עס איז מעגלעך אַראָפּצולאָזן זיך מיט די גליטשיקע, שניי־פאַרפרוירענע הויכקייטן פון מאָקשאַ־ברעג, האָב איך שוין געוווּסט, אַז איך מוז זען נאַדיעזשדאַן אין איר פאָטערס היים און אַז איך וועל זי זען.

מיט צוויי וואָכן צוריק בין איך, נאָך האַלבער נאַכט, אָוועק מיט איוואַן פּראָסטאַווילין אויף די אייז־פעלדער אויף פישפאַנג. מיר

האָבן אַריינגעשטעקט אין די גאַרטלען העק און לאָפּאַטעס. אויף די אויסגעגאָסענע, פאַרפרוירענע פעלדער, האָבן מיר אָנגעהויבן אויס־האַקן אין אייז אַ פּראָרוב, דערנאָך האָבן מיר מיט די לאָפּאַטעס געגראָבן אַ גרוב. די אַרבעט איז נישט געווען קיין שווערע, ווייל דאָס פעלד אונטערן אייז, איז געווען ווייך, פול מיט טאָרף, און די לאָפּאַטעס האָבן זיך איינגעשניטן אין דער פייכטער ערד־מאַסע. מיר האָבן געגראָבן אַזוי עטלעכע שעה. ווען עס האָט אָנגעהויבן גראָען איז דאָס גרויסע גרוב שוין געווען פאַרטיק. אין דריי טעג שפּעטער זענען מיר צוריקגעקומען צום זעלביקן אָרט. מיר האָבן עס דערקענט לויט דעם האַלב־פאַרשנייטן בערגל, לויט דעם ערד־אָנשיט וואָס איז געווען זילבערדיק און לויט דעם טונקעלן אויג וואָס האָט געמאַניעט אונדז אַ פאַרדעקטס מיט אַ גרינלעך פראָסטיק הייטל. מיט איין קלאַפּ האָבן מיר צעהאַקט דעם דינעם אייז־שיכט איבערן גרוב. צו מיין שטוינונג איז דער פּאָרוב געווען פול מיט וואַסער און אין דעם וואַסער האָבן געמיניעט טונקעלע רוקנס פון פיש; שלייענס, קאַראַשן, און העכט. — עס איז פּשוט, — האָט מיר איוואַן פּראָסטאַ־ווילין אויפגעקלערט, דערזעענדיק מיין פאַרחידושט פּנים, — פיש גייען מיטן שטראָם. אַזוי ווי דער אייזדעק ווערט דיקער און עס פעלט לופט, זוכן איצט די פיש טיפערע ערטער, וועלכע זענען נאָך אין האַרבסט אָוועק פון דעם מאַקשאַ־געלעגער צו די אויסגעגאָסענע פאַשע־פעלדער. זיי ווילן איבערהאַלטן אויף די אויסגעגאָסענע פעל־דער דעם ווינטער ביזן פרילינג און ווען די וואַסערן וועלן צוריקקערן זיך צו די אַמאָליקע ברעגן פון דעם טייך, וועלן זיי זיך אויך צוריק־קערן. זענען דעריבער די פיש אַריינגעשווומען אין דעם טיפן גרוב וועלכן מיר האָבן דאָ אויסגעגראָבן.

מיר האָבן מיט דעם עמער אָנגעשעפּט צו פולע קיישלעך פיש.

איך האָב איצט דערקענט דאָס אָרט ווו איך האָב אויף אַזאַ אור־אַלטן אופן געכאַפּט פיש גענוי אַזוי ווי די אורמענטשן וועלכע האָבן די ערד באַוווינט.

דער שניי איז דאָ געווען אַזוי איינגעפּרעסט, אַז ער האָט אויס־

געהאַלטן מיינע טריט און איך בין נישט געזונקען אין די טיפע שנייען נאָר לייכט געגאַנגען איבער זיי, אויסמיידנדיק קוסטעס, נאָכ־פאָלגנדיק טייל מאָל די פייגל־שפּורן, די אָפּדרוקן פון האָזן, די טריט פון וועלף, פון פוקסן און אפילו פון אַ בער. די צייכנס אין שניי האָט מיך געלערנט צו דערקענען דער אַלטער פויער איוואַן.

תמיד האָט איוואַן זיינס אַ מעשה אָנגעהויבן מיט דעם „עס שטייט געשריבן אין די הייליקע שריפטן". היות ער האָט אַליין נישט געקענט לייענען די הייליקע שריפטן און זיי אפילו נישט געהאַט אין זיין שטוב, האָט ער זיך פאַררופן, אַז דער אַלטער מיקישין, לויכטן זאָל זיין אָנדענק, האָט אים געזאָגט דאָס וואָס אין די הייליקע שריפטן שטייט. און געגלייבט האָט איוואַן פּראַסטאַווילין, אַז די וועלט גייט „נאַ ראַזאַרעניע", דאָס הייסט אויף צעשטערונג. „עס וועט נישט בלייבן קיין שטיין אויף אַ שטיין" — אַזוי האָט מיר געזאָגט דער ליכטיקער זקן מיקישקין — ער האָט דאָס אַליין ארויס־געלייענט פון די ספרים. און היות די וועלט גייט „נאַ ראַזאַרעניע", זענען דאָך די וועלכע טוען אָפּ דאָס ערגסטע, בלויז שליחים פון דעם האַר פון די הימלען וואָס זיין ווילן איז, אַז די וועלט זאָל פאַר־וואַנדלט ווערן אין אַ שטיין אויף אַ שטיין, טאָ צו וואָס זאָל מען זיך אנטקעגנשטעלן די וואָס טוען אָפּ אַזויפיל שלעכטס ? זיי זענען דאָך בלינדע מכשירים אין די הענט פון אַלמעכטיקן. מען דאַרף אָננעמען אַלץ אַזוי ווי דער אַלמעכטיקער וויל. וואָס שנעלער די צעשטערונג וועט קומען, אַלץ מערליידן וועט זיך דער מענטש פאַרשפּאָרן. אַנטקעגנשטעלן זיך די אַזאַרניקעס, די רשעים, הייסט אַנטקעגנשטעלן זיך גאָטס רצון, דאָס הייסט פאַרלענגערן די פּיין פון מענטש. זע, ווי נאַריש עס זענען די בלינדע מחבלים, די ביעסן פון רשעות : זיי לאַכן פון גאָט און פון די הימלען, זיי שפּאָטן פון אַלע הייליקייטן, זיי האָבן אַלע קירכעס צעשטערט און צעטראָטן אַלע הייליקע שריפטן — און אַליין, בלינדערהייט, טוען זיי וואָס די הימלען האָבן פאַר אונדז צוגעגרייט — די פולע צעשטערונג פון

דעם באַשאַף, כדי דערנאָך זאָל פון תוהו ובוהו אויפקומען די אידע־אַלע וועלט און דער באַנייטער מענטש, אַ געריינקטער פון אַלע זינד. האַ־האַ, יעדער צייכן פון רשעות מאַכט מיך נישט שרעקעוודיק, צווינגט מיך נישט צו בייגן דעם קאָפּ פון הכנעה. איך ווער מערער נאָך גלייביקער, פּאַרעקשנטער און זיכערער, אַז נאָך ביי מיין לעבן וועל איך דערזען דעם ענד פון אַלע ענד, דעם אונטערגאַנג פון אַלע אונטערגאַנגען און נאָך אונדז וועט ווערן אַ גן־עדן. — — —

איך האָב ליב געהאַט איוואַן פּראַסטאַווילינען ווייל ער האָט געהאַט ליכטיק־בלאָע אויגן, אַ לענגלעך אַליוו־פּנים מיט שאַרפע קינבאַקן, אַ קורץ־געשניטן בערדל און זיין תמימותדיקער אויסדרוק איז געווען געטלעך־ריין. ער איז ענלעך געווען צו דעם הייליקן פון דער איקאָנע אַנטקעגן. ער האָט זיך יעדן אין דער פרי אָוועקגע־שטעלט אַ שווייגנדיקער און לאַנג געקוקט אויפן פּאַרלאָשענעם זיל־בער פון הייליקנס אָרעאָל. זיינע רייד זענען געווען שטילע, געמאָס־טענע, געצוימטע ווי בעת אַ תפילה. איוואַן פּראַסטאַווילין האָט ליב געהאַט צו ריידן מיט רמזים, מיט ביישפּילן נוצנדיק דערביי דעם אַלטן אַרכאַישן רוסיש.

איין מאָל בעת איך האָב זיך צוגעקוקט ווי ער קעמט מיט אַ הילצערנער קאַם די וואָל אויף אַ שעפּס, כדי ערב דעם וואָלשניידן זאָל זי זיין ריין, אַן קאָלטנס, האָט מיך פּראַסטאַווילין באַטראַכט מיט זיינע עטוואָס שיפּלעכע אויגן און געזאָגט: „ווען אַ שעפּס נעמט זיך אַן מיט קאָלטנס קען מען זיי אַפּריייניקן, אויסקעמען מיט דער קאַם; אָבער אַז אַ מענטש איז מיט קאָלטנס? — אַהאַ סינאָק, וועסט מיט קיין שום קאַם זיי נישט אַפּריייניקן".

אין אַ פאַרטאָג בין איך אַוועק העלפן אין קאָלכאָז אַריין. איך האָב אָנגעהויבן מיין אַרבעט נאָך איידער די זון איז אויפגעגאַנגען. אויף די מיל־הויכקייטן איז שוין דאָס געשניטענע היי געווען טרוקן און איך האָב עס מיט גראַבליעס צונויפגעשאַרט. אויפן וועגל, אין דער נידער, איז פאַרבייגעגאַנגען איוואַן פּראַסטאַווילין. ער האָט זיך

איבערגעצלמט און אַן אויפגעלייגטער געזאָגט: „אַהאַ, סינאַק, דו ווילסט מיט דיינע גראַבליעס אַרויסשאַרן די זון, אַז זי זאָל אונדז פריער ווי תמיד ליכטיק מאַכן?"

טאָג נאָך טאָג בין איך אין די פרימאָרגנס געזעסן מיט אים ביים נאָקעטן טיש און פון איין הילצערנער שיסל האָבן מיר געכליעבעט די פאַסנע שטשי מיט די האַלץ־לעפל, רויק, מיט דרך ארץ צו דעם הייסן וואַסער אין וועלכן עס זענען אַרומגעשווומען עטלעכע קרויט־בלעטלעך, פאַרביסן מיט ברויט געבאַקן פון קלייען און לעביעדאַ, צונויפגעמישט מיט געקאָכטע קאַרטאָפל. האָבן מיר דאָס ברויט, וואָס איז זיך צעפאַלן אין די הענט, געקייט מיט חשיבות, מיט שטילן לויב פאַר דעם אָרעמען מאָלצייט, צו די הימלען, און געטונקען די אָפּ־געבראָכענע שטיקלעך פאַרשעמטן ברויט פון אַן ערד־קאָליר אין אַ קליין אַנגעשאָטן בערגעלע זאַלץ. דערנאָך האָט ער זיך אויפגעהויבן פון דער באַנק אויסגעגלייכט זיך און מיט ווערדע געבליבן שטיין פנים אל פנים צו דער איקאָנע. ער האָט זיך נישט געצלמט, נישט געשעפטשעט קיין תפילה, נאָר אומבאַוועגלעך, פאַרשלאָסן, גע־שפיגלט זיין בליק אין בליק פון הייליקן.

פון דער אַרבעט איז ער געקומען אַ מידער. איך האָב אין דעם שפּעטן זומער געזען ווי אַזוי ער שפּאַנט אויף דער גאַס און פייגל פליען איבער אים.

אין הויף, אויף די טרעפּלעך פון גאַנעק, האָט ער זיך אָוועק־געזעצט, אויסגעטאָן די לאַפּטשעס און אָנגעהויבן אָפּוויקלען די ראַגאָזשעס. אין די פאַלבן פון זיינע אָניצעס זענען געווען איינצלנע קאָרן־קערנער, ווייל מען האָט געזייעט דעם ווינטער־פּאַרזיי. די פייגל וועלכע זענען געפלויגן איבער אים, האָבן געפּיקט די איינצלנע קערנער און פּראָסטאַווילין האָט זיי באַטראַכט מיט גוטמוטיקייט, מיט טרויער.

— אַ הונגעריקע וועלט — האָט ער איין מאָל אַ זאָג־געטאָן צו מיר. מאַריאַ פעריפעראָוונאַ איז נישט געווען צופרידן. „הלמאי, וואָלסטו אַלטער, אַליין צונויפגענומען די קערנער, וואָלטן מיר זיי אַרייינגעע־

וואָרפֿן אין דער שטשי, אַז זי זאָל נישט זיין בלויז פֿון וואַסער און קרויט־בלעטער"...

דאָס דאָרף באַשקירצי איז באַשטאַנען פֿון איין גאַס; אַן ערך פֿערציק הייף פֿון איין זייט און געגנוי אַזויפֿיל הייף פֿון דער אַנדע־רער זייט. עס איז געלעגן אויפֿן סאַמע מיטן פֿון אַ הויכקייט. פֿון אָנהייב דאָרף האָט זיך געטונקלט אַ טאָל, אַ פֿאַרוואַקסענער מיט אַ קוסטאַרניק פֿון דינע ריטלעך, און דער סוף פֿון דאָרף, האָט זיך אויך פֿאַרענדיקט מיט אַ טאָל.

איך האָב געזוכט אַן אויסגעטראָטן שטעגל אין שניי ווייל מיין יעדער טריט איז באַשווערט געווען פֿון קוסטעס, פֿון פֿאַראַיאָריקע דאָרן־גראָזן. ווען איך בין אַרויף אויף דער סאַמער הייך איז שוין געווען טונקל.

די הייזער זענען דאָ געווען באַפּוצט מיט הילצערנע אויזאָרן. אפֿילו די עטלעכע ברונעמער אין מיטן דער דאָרפֿס־גאַס זענען געווען מיט ראַנדן פֿון שיין־געטעסעטן האָלץ. איך האָב אָנגעקלאַפּט אין דעם הילצערנעם הויז וואָס האָט געהאַט פֿיר פֿענצטערלעך און אַ צוגעשטעלטן טייל פֿון אַן אַמבאַר און שטעלער. מען האָט מיר אָנגעוויזן, אַז דאָ וווינט דער אַמאָליקער זעמסקי אַגראָנאָם.

דער גאַנג איבער די אָפֿענע שניי־פֿעלדער, דער אָוונט וואָס איז לאַנג צוגעפֿאַלן, די בלאַקייטן פֿון די פֿעלדער און מיין שאָטן, וואָס האָט זיך וואָס אַ מאָל לענגער אויסגעצויגן ביז ער איז געוואָרן באַהאַפֿטן מיט דער ווינטערדיקער אָוונט־לאַנדשאַפֿט און דאָס געפֿיל, אַז מאָרגן גיי איך שוין אָוועק פֿון דאַנען ווייל איך בין מאָביליזירט — דאָס אַלץ האָט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון מיר אַלע פּחד־צוימען. אפֿילו דער האַלב־הונגער און די מידקייט זענען אָפּגעטראָטן. איך האָב איצט, מיט אַ ביטערן שמייכל, דערמאָנט זיך יענע פֿאַסירונג מיט אַ וואָך צוריק, בעת איך בין צוריקגעגאַנגען פֿון דעם זונטיקדיקן קאָלכאָזנעם מאַרק, עס איז געווען ערב שקיעה. אַ פֿאַרשוין וועלכן איך האָב קיין מאָל נישט געהאַט פֿריער געזען, איז באַגעגנט

צוגעקומען צו מיר, אַזוי נאָענט, אַז איך האָב דערשפּירט דעם בראָנפן־ריח פון זיין מויל. איך האָב געפילט, אַז עס וועט געשען עפּעס אומהיימלעכעס אויב איך וועל צוריקטרעטן. איך בין געבליבן שטיין אַזוי נאָענט צו אים און מיט פאַרפרעסטע ליפּן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, געטריבן פון זיך דעם בראָנפן־ריח און דעם שאַרפן טאַבאַק־גערוך. אומפאַרשטענדלעכע רשעות און בייזקייט איז געווען אין זיינע שניידיקע פּראַסטיקע רייד; „העי, זשיד, ווען איך וויל נאָר וואָלסטו שוין היינט ביינאַכט נישט געשלאָפן אין דיין בעט. דערווייל וויל איך נאָך נישט. נאָר...” ער האָט מיר צוגעשטעלט אַ דראָענדיקע פויסט צום פּנים. איך בין געשטאַנען אַנטקעגן אים אַ פאַרשטיינערטער. נישט איך האָב זיך צוריקגעצויגן, נישט איך האָב געמאַכט אַ טריט פאָרויס. איך האָב אים מיט פאַרשטיינערטקייט אריינגעקוקט אין פּרצוף אַריין. אַזוי האָט עס געדויערט אַ רגע, צוויי און דריי. דער פרעמדער האָט זיך אַ וואַקל געטאָן און געמאַכט אַ שפּאַן אויף צוריק. איך האָב געפילט, אַז כ'האָב אים מנצח געווען. פאַרוואָס האָב איך דאָס געפילט? ווער איז געווען דער פאַרשוין אין יענעם אָוונט? פאַרוואָס האָב איך זיך נישט געוואָרפן מיט די פויסטן אויף אים? איצט, בעת איך האָב געשפּאַנט איבער די אַלט־רוסישע וועגן, איבער די אָפענע פעלדער, אויף די פאַרשנייטע פּאַשע־פעלדער, איז דאָס באַליידיקנדיקע און אַלץ וואָס האָט מיך געמאַכט אויפציטערן, שרעקן, און אַלץ וואָס האָט מיך דערדריקט — אָפּגעטראָטן. איך בין אַריין אין דער כאַטע ווו עס האָט געלעבט נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָוונאַ ווי אַ באַפרייטער מענטש, ווי אַ באַנייטער און דערוואַכטער. די רוסישע ווייטן, די רוסישע פעלדער און דער בלאָער אָפּשיין פון די וועלדער און דער הימל, וואָס האָט זיך הויך געשפּרייט איבער מיר — דאָס האָט מיך באַפרייט. איך האָב געוואָלט זינגען אַלט־רוסישע לידער, געוואָלט ריידן וועגן אָט דער וווּנדערלעכער ערד, וואָס וואָלט געקענט געבן אַלעמען ברויט צו דער זעט און אנשטאָט דעם איז זי פאַרוויסט. איך האָב געוואָלט דערציילן וועגן דעם הייליקן פון דער איקאָנע וועלכער גייט אַרום צווישן

אונדז מיט גוטסקייט און מילדקייט אין זיין הארץ, מיט אוראלטער חכמה און דיכטונג זענען זיינע רייד — איוואן פראסטאווילין — —.

איך בין געבליבן שטיין אַ ווײַלע אין דער טיר און אַ וואַרעמקייט האָט מיך אַרומגענומען. די וואַרעמקייט פון דעם אַלטן רוסישן הויז פון זעמסקי אַגראָנאָם. ער איז געזעסן אין אַ געבעטער שטול אין זיין שוואַרץ־אויסגעבייט העמד. זיין טאָלסטאָישע באָרד איז געלעגן אויף דער ברוסט און צופוסנס, אויף אַ בערן־פעל, האָט זיך געשפּילט זיין אייניקל — דאָס ייִנגעלע פון נאַדיעזשדאַ. איך האָב זיך אַראָפּ־געבויגן צו אים און געגלעט זיין שוואַרצע טשופּרינע, געקוקט אויף די יידישע שטריכן פון דעם קינד און די פרייד איז נאָך מער געשטיגן אין מיר. נאַדיעזשדאַ איז דאָ נאָענט, זי איז אין טשולאַן. אפשר טוט זי זיך אין געאייל איבער? איך הער שוין אירע טריט, אייליקע, גיכע, וועלכע מאַכן אומרויִק און ליב יעדע רגע פון דער־וואַרטונג.

# קאַפּיטל פינף

נאַדיעזשדאַס פּאַטער האָט מיך לאַנג און שווייגנדיק באַטראַכט. דאָס איז געווען אַ פּאַרטייעט, פאַרשעריש, אומהיימלעך־בייזער און טיילמאָל, כמעט גלייכגילטיקער בליק. ער האָט מיך נישט געפרעגט ווער איך בין. זיין פּנים־אויסדרוק האָט זיך נישט געענדערט בעת איך האָב זיך אַראָפּגעבויגן צום אייניקל און געהאָלפן אים צונויפּ־קלייבן די קאָליריקע בלייערס כדי ער זאָל ענדיקן מאָלן דעם וואָלד מיט דעם בער.

זעט אויס, אַז דער זקן האָט געוווּסט ווער איך בין. נאַדיעזשדאַ איז שטיל אַריינגעקומען פון אַ זייטיק צימערל. איך האָב נישט געהערט אירע טריט און נישט דאָס עפענען פון קיין טיר. איך האָב געפילט, אַז עמעצער שטייט הינטער מיין רוקן און באַטראַכט מיך. איך האָב דאָס דערשפּירט לויט דעם אָטעם, וואָס האָט ליבלעך אַ ווייע געטאָן, לויט דעם ווי דער זקן האָט אויפגעהויבן די געדיכטע גראָע ברעמען און זיי זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען, און לויט דעם שמייכל פון קינד, אין דער זייט, ווו עס האָט זיך געפּאָלבט אַ פּאַר־האָנג. זי האָט מיך נישט געפרעגט הלמאי איך בין פּלוצים געקומען אַזוי אומגעריכט און נישט אויסגעדריקט איר חידוש, נישט איר פרייד, נישט איר נייגער. איר פּנים איז געווען נאַטירליך, רויִק און איך האָב גאַרנישט דערקענט אין איר פון יענער רגע ווען זי האָט מיט איר וואַרעמער האַנט געמאַכט טייען די פּראָסטיק־שטעכיקע שניי־פּלאָ־טערלעך אויף מיין אויסגעפראָרן פּנים.

נאַדיעזשדאַ האָט אין שכנותדיקן צימער געגרייט דעם טיש צום אָוונט־עסן.

איך בין געזעסן אויבן־אָן, אנטקעגן דעם ווינקל, ווו עס זענען אויף אַ הילצערנער פּאָליצע געשטאַנען דריי אַלטע איקאָנעס. אַנט־קעגן מיר איז געזעסן וולאַדימיר יאַקאָוולעוויטש, דערנעבן — דאָס יינגעלע גענאַדי.

נאַדיעזשדאַ האָט אונדז באַדינט. איך האָב געזען מיט וואָס פּאַראַ געניטשאַפט זי רוקט אַרויס פון אויוון, מיט אַן אוכוואַט, דעם טשוגון, געזען ווי אַזוי זי גרייט די גרויסע הילצערנע שיסל מיט די הילצער־נע לעפל, ווי אַזוי זי האָט געבראַכט פון פּאַדוואַל אַ שיסל זויער־קרויט, איינגעלייגטע אוגערקעס און שוואָמען. דערנאָך האָט זי אָנ־געגאָסן צו טעפּלעך ברויט־קוואַס. דער זקן האָט אָפּגעשניטן עטלעכע שטיקלעך שוואַרצן ברויט און יעדן איינעם געגעבן אַ חלק. ווען אַלץ איז שוין געווען גרייט, האָט זיך נאַדיעזשדאַ געזעצט צום טיש.

די שטילקייט האָט נאָך לאַנג אָנגעהאַלטן. עס איז אָבער געווען די שטילקייט מחמת יראת הכבוד פאַר דעם ברויט.

איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרשטיין פאַרוואָס וולאַדימיר יאַקאָוו־לעוויטש איז נישט באַזונדערס אויפגעלייגט. זעט אויס, דאָס איז דערפאַר, וואָס איך האָב אים דערמאָנט, מיט מיין באַווייזן זיך, זיין טאָכטערס מאַן, וועלכער האָט זי פאַרלאָזט. עס איז אפשר אַ טאָפּלטע ענלעכקייט, אי אַ פיזישע און אי לויטן אָפּשטאַם, ווייל איר מאַן איז אַ ייד.

— מענדעל פּייסאַכאָוויטש, מיט וועלכן וועג זענט איר געקומען — האָט מיך געפרעגט נאַדיעזשדאַ — איך האָב אייך נישט געזען אָנקו־מען מיטן הויפּטוועג ?

— איך בין געגאַנגען דורך די פעלדער. צוערשט בין איך סתם געגאַנגען ביז צו די הויכקייטן פון יענער זייט ברעג מאָקשאַ. און אַז איך האָב דערזען ווי עס שפרייט זיך אויפן האָריזאָנט דאָס דאָרף

באַשקירצי, האָט עס מיך אַ צי־געטאָן צו גיין איבער די פאַרשנייטע און אייזיק־פאַרפראָרענע פאַשע־פעלדער... איר פאַרשטייט, — האָב איך שטיל גערעדט צו נאַדיעזשדאָן און דערביי באַמערקט, אַז איר פאַטער פאַרשט איצט יעדעס וואָרט און קוקט אויף מיר דורכדרינגלעך — איך פיל זיך פריי ווען איך גיי איבער די אומענדלעכע פעלדער. די שרעק, די זאָרג און די געפּאַלנקייט מיינע טרעטן אָפּ. איך האָב דעמאָלט דאָס געפיל פון פולשטענדיקער פרייהייט. אַ זעלטענעם כוח האָבן די רוסישע רחבותן. זיי היילן אויס דעם מענטש. איצט באַנעם איך פאַרוואָס די רוסן זענען געווען און וועלן בלייבן אַ פריי פאָלק. עס איז די רחבות, די אָפענע פרייע פעלדער...

וולאַדימיר יאַקאָוולעוויטש האָט ווי דערוואַכט. דאָך האָט ער עס נישט געגעבן צו פילן. פאַרזיכטיק, מיט געדולד, האָט ער ווי געמאַכט אַ שריט צו מיר און געפרעגט:

— איר זענט פון וואַרשע? — און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער געלאָזט פאַלן עטלעכע ווערטער וועגן פוילן. דערנאָך האָט ער מיך אָנגענומען פאַר דער האַנט. — די רוסישע פלאַכן, אָט די פאַשע־פעלדער, דורך וועלכע איר זענט געגאַנגען, דערהאַלטןביים לעבן דעם נאַראָד. די ברויט־פעלדער זענען האַלב פאַרוויסט פון שלעכטן אָקערן, פון שלעכטער זריעה. אַ גאָט, ווען וועט מען קענען רייניקן די פעלדער פון דער אויסטערלישער קראָפּעווע? אַזאַ פאַרדאַרבונג! בלויז די פאַשע־פעלדער זענען געבליבן אַזוי ווי אַמאָל, כאָטש נאָענט צו די דערפער זענען זיי אויך קראַנק, ווייל מען וואַרט נישט ביז דאָס פעלד וועט אין זומער צייטיק ווערן צום היישניט, נאָר מען צעקאָלעטשעט עס מיט די קאָסעס.

נאַדיעזשדאַ האָט גוטמוטיק צו מיר אַ שמייכל געטאָן און איך האָב דערקענט איר צופרידנקייט. דאָס אייז פון זקנס פּנים איז צעטייעט געוואָרן. איך האָב געוווּנען זיין צוטרוי. ער גלייבט מיר. אַ צופעליק געזאָגט וואָרט וועגן די רוסישע רחבותן האָבן אים אויפגערודערט.

— מישאַ, — האָט זי מיר איינגערוימט — אומניצאַ מאַי... דו האָסט אים פאַרשטאַנען און עס איז געשען אַזוי נאַטירלעך... ווי גוט איז עס וואָס דו האָסט די פעיִקייט צו פאַרבינדן פריינדשאַפט מיט מענטשן און פאַרשטייסט די נאַענטע... עס וועט דיר העלפן... וועסט אויסהאַלטן... וועסט איבערהאַלטן די מלחמה... פאַרליר זיך נישט. בלייב תמיד נאַטירלעך מיט רוסישע מענטשן...

דער אַלטער איז אַוועק און אין אַ ווײַלע צוריקגעקומען מיט אַ פלעשל בראַנפן, סאַמאַגאָן, פון ווילדע פעלד־באַרן.

— נו, מאַלאַדאַי טשעלאָוועק, מיר וועלן אויסטרינקען אַ גלעזל ?

דער סאַמאַגאָן איז געווען שטאַרק און האָט געהאַט דעם ריח פון פוילישע לענגאַלקעס, וועלכע איך האָב געגעסן ייִנגלווייז אין די סעדער פון מײַנע פעטערס, נישט ווייט פון פלאָנסק און טשעכאַנאָוו.

— די פאַשע־פעלדער, די הויכקייטן פון באַשקירצי, די ברויט־פעלדער אַרום דודניקאָוואַ, די אַקער־פעלדער, וועלכע ציען זיך ביז קוליקאָוואַ, די טאָלן, די נידערונגען ביי דעם טייך מאָקשאַ, ווו עס וואַקסן די שלענגל־גראָזן און די דערפער האָבן דאַ זייערע קרויט־גערטנער... אָהאָ, סינאָק, ווי פאַרוואָרלאָזט איז אַלץ! ווי פאַרשעמט איז גאָטס ערד!...

דער אַמאָליקער זעמסקי אַגראָנאָם האָט דערוואַכט אין דעם זקן. ער האָט מיך עטלעכע מאָל אַרומגענומען און הייס גערעדט:

— וואָס האָבן זיי געוואָלט פון דעם נאַראָד אונדזערן און פון אונדזער ערד ? סינאָק, באַנעם דאָס! די פעלדער און לאָנקעס, די וועלדער און די אַלע נידערונגען און הויכקייטן, אויף הונדערטער וויאָרסטן אַרום, האָבן געהערט צו דער אַבשטשינע, צו דער געמיינד־שאַפט. יעדע צוואַנציק יאָר האָט מען די ערד אויף ס'ניי צעטיילט אין גלייכע חלקים אויף יעדן ניי־געבוירענעם זכר. דאָ זענען קיין פאָמעשטשיקעס נישט געווען. קיינער האָט דאָ נישט געהאַט קיין ערד־לאַטיפונדיעס. אַזוי ווי אין די הייליקע שריפטן שטייט געשריבן, אַזוי האָט זיך דאָ דאָס פאָלק געפירט מיט דער ערד. אַזוי פון די

אורצייטן אָן. האָט מען צוגענומען די ערד, וואָס איז אַזוי גערעכט סייווי געווען צעטיילט צווישן פאָלק, און געמאַכט קאָלכאָזן. אַמאָל זענען די אַמבאַרן געווען פול מיט תבואה און היינט? די אַמבאַרן האָט מען שוין לאַנג צענומען אויף געהילץ כדי צו באַהייצן די שטובן אין די ווינטערס. דאָ איז געווען אור־קאָמונע, אור־סאָציאַליזם איידער זיי, די „באַפרייער" פון „אָקטאָבער" האָבן זיך דאָ באַוויזן. וואָס האָבן זיי געטאָן? אָ, גאָט, אַזאַ פאַרוויסטונג פון די פעלדער! אַזאַ פאַרהונגערונג פון די מענטשן און פון די בעלי־חי?

באַדיעזשדאַ האָט געוואָלט אַוועקנעמען דאָס פלעשל וואָדקאַ און אריבערפירן דעם שמועס אויף אַן אַנדערער טעמע. דער פאָטער האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן. איך האָב ווידער אַ מאָל געמוזט אויס־טרינקען אַ גלעזל און פאַרבייסן מיט איינגעלייגטע שוואָמען.

— זיי זענען באַטעמט, די שוואָמען... — האָב איך געזאָגט, וועלנדיק אַרויסהעלפן באַדיעזשדאַן.

— וו'אַט, איך האָב געזאָגט פון אָנהייב, אַז די פעלדער, דורך וועלכע דו ביסט געגאַנגען, האַלטן אונדז אויףביים לעבן. אין די בערעזע־קוסטעס קלייבן די קאָלכאָזניקעס אָן שוואָמען און לייגן זיי איין אין אַ צוויי־דריי פעסלעך. אויף די פאַשע־פעלדער געפינען זיך ציבעלע־גראָזן, קנאָבל־וואַרצלען, שטשאַוועל. די קינדער זוכן דאָ אויף פייגל־אייער. יעדן פאַרנאַכט, נאָכן זון־אונטערגאַנג, גייען די באַביאַנקעס מיט זעק אָנשניידן גראָז און טריקענען דאָס אין הויף — אַזוי אַרום פאַרגרייטן זיי היי אויף אַ גאַנצן ווינטער. די עטלעכע הינער זענען געבליבן ווי אַ סימבאָל פון אַמאָליקער זאַטקייט, געפי־נען זייער שפייז אין די אויסגעטריקנטע זאַנגען פון די גראָזן, וועלכע עס ברענגען די פויערטעס אין הייפל אַריין. די פאָר שעפּסן און די ציג, וועלכע מען דערלויבט צו האָבן יעדן איינעם, האָדעווען זיך אויף דער לאָנקע, און דער טייך וואָס וויקלט זיך אַרום די פעלדער, גיט אויך אַ פישל אָפּצופּרעגלען, אָדער אויף אַן אוכא. האָ־האָ־האָ, ווען נישט דאָס פאַשע־פעלד וואָס ציט זיך אויף צענדליקער קילאָ־מעטער, וואָלטן אַלע שכנותדיקע דערפער אויסגעגאַנגען פון הונגער.

די אַמאַליקע ברויט־פעלדער האָבן אונדז אויפגעהערט צו באַשפּייזן. דאָס ביסל תבואה, וואָס מען נעמט דאָ אַראָפּ, שיקט מען אַוועק ווייט־ווייט דורך באַראַשאָוואָ בין מאָסקווע. סינאָק, מען טרויט נישט איבערלאָזן דאָ אפילו די זריעה. אַז עס קומט דער פרילינג, אָדער דער שפּעטער זומער, ווען מען דאַרף אויף ס׳ניי זייען, ברענגט מען צו פירן פון דער ווייט, מיט באַנען און מיט וועגענער, זריעה. אַ העלפט צעגנבעט מען, די אַנדערע העלפט מישט מען אויס מיט לעביעדאָ און מיט אַנדערע טשאַרטן. עס איז געוואָרן הפקר. און דו, שווייג!

— מוז עס אַזוי זיין? ווער טראָגט די שולד? קען מען דען אַלץ אַרויפוואַרפן אויף די, וועלכע שרייבן אין מאָסקווע די געזעצן? — האָב איך זיך געפרעגט.

— עס מוז אַזוי זיין! דאָ וועט זיך שוין נישט ענדערן! קיינער קען שוין מער נישט אויסבעסערן! קיינער נישט! אַפילו ווען לענין וואָלט געלעבט! עס איז געמאַכט געוואָרן דער ערשטער טריט, וואָס איז געווען קעגן די געזעצן פון מענטש און קעגן דער נאַטור; אויפגעצוווּנגענע קאָלעקטיוויזאַציע וואָס איז אין דער אמתן אַן אַנט־אייגענען די פּויערים פון זייער פּיצל ערד, דיקטאַטור, מאַכט פון פויסט. איך בין שוין איבער די אַכציק און איך קען זיך שוין דער־לויבן דאָס צו זאָגן.

נאַדיעזשדאַ האָט זיך פאַרקליבן מיט איר זון צום גרויסן אויוון. מאַמע און זון זענען געווען פאַרהילט אין אַ דינעם לייוונטן שאַל מיט גרינע פראַנדזן. זי האָט געוויגט דעם זון אין אירע אָרעמס און שטיל געזונגען. איך האָב דאָס געזאַנג געהערט נאָר בעת איר פאָטער האָט איבערגעריסן די רייד, כדי צו דערטרינקען דאָס ביסל בראָנפן.

— דאָס אויסהונגערן די פּויערים פון ראָסיי איז פּלאַנירט! עס איז געטאָן מיט אַ כוונה! זיי ווילן, אַז דער הונגער אין דאָרף זאָל

טרייבן די יוגנט פון די קאַלכאַזן אין שטאָט אַריין, אין די פאַבריקן! דאָרט גיט מען אַ פאַרזיכערטע נאָרמע ברויט און געלט־געהאַלט. די רעגירונג וויל אַזוי אַרום אויפבויען די אינדוסטריע. וועט דער פויער אין דאָרף לעבן דערטרעגלעך, כאָטש נישט צופיל זאַט, וועט מען פון די פאַבריקן לויפן אין דאָרף אַריין. זיי טוען דאָס מיט קאַל־טער אכזריות, אויסגערעכנט, ברוטאַל. איז פאַראַן אַ קאַלכאָז וווּ די גערעטעניש איז געווען אַ גאָר גוטע — נעמט מען אַוועק דאָס איבע־ריקע און מען „גלייכט״ אויס מיט אַלע הונגעריקע. פאַרוואָס דער־לויבט מען נישט האָבן פריוואַטע אוסאַדבאַס מערער ווי אַ פערטל העקטאַר? וואָס וועט זיי דען שאַדענען, אַז אַ קאַלכאַזניק וועט באַקומען פאַר זיין געהילפס־ווירטשאַפט, אַביסל מערער ערד לעבן זיין שטוב? עס פוסטעוועט דאָך סיי ווי סיי? דערפאַר ווייל זיי ווילן, אַז ער זאָל זיין הונגעריק! עס איז דאָך אַ שפּאָט, די פויערים האָבן מער גערעטעניש פון די פיצלעך ערד, וועלכע מען האָט זיי אויס־געטיילט, ווי די מלוכה פון אַלע אירע קאַלכאָזן און סאָווכאָזן. פון די נישטיקע גערטנדלעך מוז דער פויער נאָך צאָלן שטייערן, נישט אין געלט, ווייל עס האָט קיין ווערט נישט, נאָר אין נאַטור; פאַר די פאַר הינדלעך — הונדערט אייער אַ יאָר! פאַר די צוויי־דריי שעפּסן, וועלכע דער פויער האָדעוועט — אַ שעפּס אַ יאָר! פאַר דעם וואָס זיין כאַטע שטייט אויף „מלוכהשער ערד״ — נייע שטייערן! מען וועט דאָך נישט גלייבן אויב מען זאָל דאָס דערציילן אין דער וועלט. רוסלאַנד לעבט און האַלט אויס, ווייל דער פויער האָט נאָך צו זיין רשות דאָס פּיצעלע ערד, וואָס איז נישטיק און ווייל עס זענען דאָ די פאַשע־פעלדער און די וועלדער זענען נאָענט!

די פלאַש איז שוין געווען ליידיק. ווידער איז באַפאַלן דעם אַלטן אַ שטילקייט און אַ טרויער. ער האָט שוין אָבער אויף מיר נישט געקוקט ווי בעת מיין באַווייזן זיך אין דער שטוב, אומהיימלעך און פאַרשעריש. איצט האָט ער מיך באַדויערט.

איך האָב געזען ווי נאַדיעזשדאַ האָט צוגעפירט דעם האַלב־פאַר־

שלאָפענעם זון צום טשולאַן, געזען ווי דער פאָרהאַנג וויגט זיך. איך האָב איינגעהערט זיך אין איר שטילן געזאַנג.

פון די פאַרפרוירענע קליינע פענצטער־שייבלעך האָבן שאַרף געלויכטן מיט פערל־ליכטיקייט אַלערליי פראָסט־קווייטן. איך האָב געקוקט אויף זיי און דערקענט, אַז זיי האָבן דעם אויסזען פון שטעכיקע קראָפּעוועס, פון פּאַלין.

דער אַלטער האָט גערעדט אַזוי ווי צו זיך:

— וועלן זיי געבן נאָך אַ פּאָר סאָטעס ערד פאַר דעם קאָלכאָז־ניקס אויסאַדבע, וועט ער זאָט זיין. דאָס וועט לאָקן די שטאָטישע פאַבריקס־אַרבעטער צו פאַרלאָזן די פאַבריקן. עס איז אַ פאַרכישופּ־טער קרייז. די קלענסטע ענדערונג וועט צעטרייסלען די משונהדיקע פּיראַמידע, וועלכע מען האָט אויפגעשטעלט. די דיקטאַטור איז אומ־מעכטיק צו מאַכן יעטוועדע מילדערע רעפאָרם. זי מוז זיך וואָס אַמאָל פאַרשטאַרקן און פאַרשאַרפן. די מלחמה איז פאַר זיי אַן אַטעם־פויזע. פאַראַן איצט סימנים פון אַ געוויסער מילדערונג. עס וועט אָבער נישט אָנהאַלטן לאַנג. ווי נאָר זיי וועלן זיך פילן פעסטער, און דער דייטש וועט מער אונדז נישט באַדראָען, דאַן וועט עס קומען צו נאָך ערגערע צייטן.

אין אַ שכנותדיקן הויף האָט געוויינט אַ שעפּס. אַ גלעקל־קלינ־גערייַ פון אַ שליטן האָט זיך דראָבנע צעשאָטן אין דער נאַכט־שטילקייט. איך האָב דייטלעך געהערט דאָס געוואָי פון אַ סטאַדע וועלף.

— אַלע ערד־מעזשעס זענען שוין נישט צום דערקענען... נישט בלויז דאָ, ווו די ערד האָט געהערט צו אַלעמען, נאָר אין גאַנץ ראַסיי. צוריק צום אַלטן קען מען שוין נישט גיין. עס איז צעשטערט געוואָרן נישט נאָר דער קלאַס פון פּריצים, נאָר אויך דער פּויערים־קלאַס. אַ פעלקער־אויסמישעניש און אַן איבערשיכטונג, וואָס די געשיכטע פון רוסלאַנד האָט נאָך אַזעלכעס נישט געקענט. דער נייער

סיסטעם פון קאַלכאַזן טויג נישט. וואָס וועט זיין? ווי אַזוי וועט ראַסיי צוריקבויען איר לאַנדווירטשאַפט? וואָס וועט זיין מיט די מיליאָנען פויערים־זין, וועלכע מען האַלט מיט צוואַנג אין הונגער־באַדינגונגען אין די פאַבריקן? וואָס וועט זיין מיט אונדזער פאָלק, וואָס ראַנגלט זיך איצט קעגן אַ נאָך גרעסערער דיקטאַטור און נאָך מער געפערלעכער? ווי אַזוי זאָל זיך דאָס הונגעריקע רוסלאַנד שלאָגן קעגן די דייטשן?

ער האָט זיך איבערגעבויגן איבער דעם אייוועלע און צונויפ־געשאַרט די האַלאָוועשקעס. דאָס קאַנעצל האָט געוואָרפן אַ געל ליכט. איך האָב געזען ווי ער נעמט אַרויס פון אויוון־מייערל אַן אויסגעטריקנט שטיק האָלץ, דערנאָך אַ מעסער און אַנשפּאַרנדיק דאָס האָלץ מיט זיין ברוסט האָט ער גענומען שפּאַלטן לאַנגע שפּענער, אויסלייגנדיק זיי אין אַ גלייכער ווירע לעבן דער אויוון־בלעך. פאַר־טאָג וועט ער מיט די „לוטשינעס" אונטערצינדן דעם גרויסן אויוון.

איך האָב נישט געענטפערט אויף יאַקאָוולעווס פראַגן און נישט אַריינגעוואָרפן מיין וואָרט, כאָטש איך האָב אים געוואָלט זאָגן, אַז עס איז נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג ווי פאַרטיידיקן זיך קעגן די דייטשן און אַלץ אַנדערע מוז איצט פאַרגעסן ווערן. און דאָך האָב איך נישט געקענט פאַרגעסן יענע פויערטע, וועלכע איז געשטאַנען צווישן צוויי באַוואָפנטע מיליציאַנערן ביים ספּעציעל אימפּראָווי־זירטן געריכט, הלמאי זי האָט בעתן שניט געהאַט אין איר בוזעם פאַרוויקלט אין אַ קאָפּטיכל עטלעכע זשמעניעס קאָרן. פינף יאָר תּפיסה. איך האָב געוווּסט, אַז אַלע, אַלע וועלכע אַרבעטן אין פעלד ביים שניט, נעמען מיט זיך אַהיים אַביסל קערנער, ווייל דערפון לעבן זיי. איך האָב געזען יונגע פויערטעס, וועלכע מען האָט געיאָגט דורך די פעלדער אַזוי ווי האָזן, כדי זיי צו שיקן אויף אַ יאָר אַרבעטן אויף די טאָרף־פעלדער. איך האָב געהערט וועגן פויערים, וועלכע גייען אין די נעכט צום פערדשטאַל, כדי צו גנבענען ביי די פערד קלייען און פון דעם קאָכן זיי אַ פאַכלעבקע. איך האָב געוווּסט, אַז

אין די וואַלד־פּאַליאַנעס, אין פֿאַרשידענע נישט־צוטריטלעכע ווינק־לען אין די אָווראַגן, אין די קוסטארניקעס, באַארבעטן די פּויערים שטיקלעך ערד, די גרייס פֿון איין שפּאַן און פֿאַרזעצן דאָרט אַ פּאָר נאַטשעס קאַרטאָפֿל, אָדער אַ צענדליק זאַנגען, פּראָסאָ. אומלעגאַלע ערד־באַאַרבעטונג אין אַ לאַנד ווו די ערד פּוסטעוועט! אַ משונה־דיקע וועלט! איצט גייען זיי פֿאַרטיידיקן זייער ערד, זייער היימ־לאַנד! מאָרגן וועל איך גיין צוזאַמען מיט דעם גרויסן און ליידנדיקן פֿאָלק.

איך וואַרט שוין אויף דער שעה, ווען מיר וועלן פֿון דאַנען אַוועק, און דאָך טוט מיר באַנג. איך הער ווי נאַדיעזשדאַ זינגט שטיל־שטיל און איר ניגון הייבט אָן צו ווערן איינס מיט דעם טרויער פֿון דער רוסישער ערד, מיט דעם געוואַי פֿון ווינט אויף די שניי־פֿעלדער.

דאָ אין דער כאַטע האָב איך דערזען אַן אַנדערע נאַדיעזשדאַ, אַ היימישע, אַ טאָכטער פֿון אַ רוס, וואָס די ערד ווייַנט אַרויס פֿון איר און עס ווייַנט מיט די פּראָסטיקע נאַכט אין דעם אויסגעפּרוירענעם, פֿאַרהונגערטן, דערשראָקענעם פֿאַרשנייטן דאָרף.

# קאַפּיטל זעקס

דאָס קאָנעצלביים איקאָנע־ווינקל האָט געצאַנקט. איך האָב דעם פלעמל־געציטער דערקענט לויט די באָוועגלעכע שאָטנס אויף די שייבלעך. מען האָט דורך די פענצטער ניט געזען די פּראַסטיקע נאַכט, נאָר זי אָפּגעפילט. איך האָב זיך לאַנג איינגעקוקט אין דעם בלאָ־זילבערדיקן ליכט, פאַרהויכט מיט אַ שניי־שטויב, וואָס איז שיטערלעך אַריינגעדרונגען פון דער דאָרפישער גאַס. ווען איך האָב זיך אויסגעקערעוועט איז שוין וולאַדימיר יאַקאָוולעוויטש נישט געווען אין דעם צימער. ער האָט זיך פאַרקליבן אויפן אויוון, אַן אויסגעבעטן מיט שעפּסענע פעלן. איך בין געוועזן אַליין און מיט מיר דער שטילער ניגון פון נאַדיעזשדאַן. זי האָט אין טשולאַן פאַרוויגט איר זון.

אָוועקגיין איצט, אָדער איבערוואַרטן ביז נאַדיעזשדאַ וועט אַרייני קומען ?

איך האָב געקוקט אויף די דיקע בעלקעס פון די ווענט, געטעסענע, צונויפגעשלאָסענע איינע צו דער אַנדערער, געקוקט אויף דער בליך־לאָמפּ מיט דער קופּערנער טאַץ, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון ברוין־הילצערנעם סופיט. איך האָב דערקענט די סימנים פון אַמאָליקער זאַטקייט און רייכקייט ; די וואָל־געשטריקטע טאַפּיצירערייעז, די טערקישע שאַלן וועלכע האָבן געדינט ווי טשולאַן־פאַרהאַנגען, די זילבערנע טיי־טאַצן, דער גרויסער זילבערנער סאַמאָוואַר, די קופּער־טעפּ, די פאַרשיידענע פעלן פון חיות און די בוכאַרער טעפּיכער פאַרשפּרייטע אויף די פּאָלן. אויף דעם שרייב־טיש, אין איקאָנע־ווינקל, ווו עס זענען געלעגן אָנגעהויפט פאַרשיידענע אַלטע

ביכער און איינגעבונדענע קאַמפּלעטן פון זשורנאַלן, האָב איך דערזען אַ טינט־און־פעדער איינגעפּאַסט אין אַ מאַלאַכיט־קעסטל.

איך האָב זיך אַוועקגעזעצט ביים נידעריקן שרייב־טיש און געזוכט אַ ריין בייגעלע פּאַפּיר. ערגעץ, אויף אַ טייל פון אַ קאָמפּלעט פון אַמאָליקן „ניוואַ״, האָב איך איילִיק אָנגעהויבן צו שרייבן. די ווייס־קייט פון פּאַפּיר האָט מיך אַזוי געלאָקט, אַז איך האָב האַסטיק, שורה נאָך שורה, אָנגעהויבן שרייבן די פערזן פון אַ ליד אין יידיש. די יידישע אותיות האָבן מיר פאַרשאַפן שטילע פרייד. איך האָב געקוקט אויף זיי מיט פייכטע אויגן און מיט חידוש פון איינעם וואָס האָט עפּעס נאָענטס און אייגן צוריק אָפּגעפונען.

אָ, מיין לעצטע נאַכט אין טיפן ראַסיי.
הימלען פּראָסטיקע, דערפער אונטער שניי.
מענטשן אין פּחד און וויי.
אין דער ציין־פאַרביסענער שטילקייט הער איך זייער געשריי.
פאַרשאָטן וועלן ווערן מיינע לעצטע טריט.
פאַרגיין וועט מיין נישט־דערזונגען יידיש ליד.
דערפער — פאַרקאָוועט אין אייז און אין שניי.
פעלדער וויינען מיט דערנער־געוויין.
מיין ליד פון ליבע און שרעק
באַגלייט אויף דעם פאַרשנייטן וועג.

וואָס איז שטאַרקער? האָב איך זיך אַליין געפרעגט; דיין ליבע אָדער דיין שרעק? איך ווייס נישט. איך קען זיי שוין נישט אָפּטיילן. זיי זענען אַזוי צונויפגעפלאָכטן ווי וואָרצלען פון צווייביימער ביי אַ שמאָלן שטעג.

אומגעריכט האָט זיך באַוויזן נאַדיעזשדאַ. זי האָט געקוקט אויף די קורצע שורות פון די יידישע פערזן.

— דאָס איז אַ ליד... — האָט זי געזאָגט.

איך האָב איבער דעם ליד אָנגעשריבן מיין אַדרעס פון דער לעצטער היים: וואַרשע. קאַרמעליצקאַ גאַס נומער 1. און אין קלאַ־מערן: צו איינעם פון מיין משפּחה, וואָס וועט איבערלעבן די מלחמה. דערנאָך, אונטערן ליד, האָב איך אָנגעגעבן די דאַטע.

נאַדיעזשדאַ װלאַדימיראָװנאַ האָט טרויעריק אַ שמייכל געטאָן און געשאָקלט מיטן קאָפּ װי זי װאָלט מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז די שורות װעלן דערגיין צו מיינע נאָענטע.

איך האָב געפֿילט, אַז דאָס האָט זי אומהיימלעך געמאַכט, װאָרעם זי האָט באַנומען, אַז עס איז מיין לעצט װאָרט, מיין געזעגענען זיך מיט די נאָענטע און דער אומגלויבן מיינער, אַז איך װעל איבער־לעבן. זי האָט געװאָלט מיינע מחשבות מילדער מאַכן דורך איר גוט־מוטיק שמייכלען, דורך אָװעקלייגן דאָס איינגעבונדענע בוך מיט מיין ליד אויף איינער פֿון די ביבליאָטעק־פּאַכן און דורך אירע ליב־שאַפֿטס־בליקן.

איך האָב זיך אויפֿגעשטעלט און געזאָגט: — ס׳איז שוין שפּעט. איך װעל אַהיימגיין.

— אַהיימגיין? — האָט זי חידושדיק זיך איבערגעפֿרעגט. — דיין היים איז דאָ.

זי האָט דאָס געזאָגט אַזוי שטיל און אַזוי נאַטירלעך װי עמעצער װאָס זאָגט עפּעס, װאָס איז קלאָר און קען קיין שום ספקות נישט אַרויסרופֿן.

יענע טרערן װעלכע איך האָב דערשפּירט בעת איך האָב געקוקט אויף די פּערזן פֿון מיין יידיש ליד, װאָס איך האָב אַזוי ספּאָנטאַן געשריבן, נאָך יאָרן פֿון װאַגלעניש, אין אַן אַלט רוסיש הויז, ערגעץ נישט װייט פֿון דער װאָלגע װוּ עס האָט נאָך קיין יידישער פֿוס נישט באַטראָטן ביז מיר, אָטאָ יענע טרערן האָבן זיך איצט װידער אַנט־פּלעקט און זיי האָבן זיך אוודאי געמיניעט אין קאָרגן ליכט פֿון קאָנעצל, װאָרעם איך האָב געזען זייער אָפּשפּיגלען זיך אין נאַדיעזש־דאָס שװאַרצאָפּלען.

דאָס קאָנעצל איז אַליין אויסגעגאַנגען. די פֿענצטער־שויבן האָבן איצט געליכטיקט מיט דער ליכט פֿון פֿראָסט און שניי.

אַן אָפּשיין פון דעם ליכט האָט אַרומגעשוועבט אין דעם גרויסן צימער פון דער דאַרפישער כאַטע ווי אַ פליגל פון אַ מלאך און טייל מאָל באַלויכטן דעם סאַמאָוואַר, אָפטמאָל די אויסגעלאָשענע איקאָנעס און עטלעכע מאָל האָט געגומען ליכטיקן דאָס פּנים פון נאַדיעזשדאַ װלאַדימיראָװנאַ.

— אַן אויסטערליש וואַנדערנדיק ליכט — האָב איך צו איר שטיל געשעפּטשעט.

— נאָך דער נאַכט וועסטו אוועקגיין אַזוי ווי יעדער איינער מאָביליזירטער. דו האָסט אַ היים, אַטאָ דאָ, אין הינטערלאַנד. וועסט האָבן אַן אַדרעס וווּ צו שרייבן דיינע בריוו. מישאַ, איך וועל וואַרטן אויף דיר.

איך האָב אָפּגעפּילט אירע ווערטער פיזיש און וואָס מער זיי האָבן מיך אויפגערודערט אַלץ שווייגנדיקער בין איך געוואָרן. זי האָט אָבער געוווּסט ווי איך לעב זיי איבער און געשפּירט ווי מיין גוף נעמט זיי אויף.

די נאַכט פון שניי, פון פראָסט, פון פּחד, פון אויסגעפרוירענע הימלען, פון פאַרוויסטע פעלדער, פון פאַראומערטע פּויערים, האָט זיך מיט אַ מאָל פאַרוואַנדלט פאַר אונדז אין אַ נאַכט פון ליבשאַפט.

פיאָדאָר גאַווריליאָוויטש האָט אין אַ זונטיק פאַר טאָג, באַלד נאָך דעם ווי איך האָב באַקומען דעם מאָביליזאַציע־צעטל, געקלאַפּט אין מיין לאָדן.

— מען טרייבט דיך אַוועק פון אונדז ?

איך האָב דערזעען אַ רוסישן זקן; אַ צעשויבערטע גרויע באָרד, שאַרפע קינבאָקן, שיפּלעכע אויגן.

— מען טרייבט נישט, פאָטערל, איך גיי אַליין...

דער שטערן פון זקן איז פאַרצויגן געוואָרן מיט קנייטשן און די אויגן זענען זיך ענגער צונויפגעלאָפן. ער האָט געקוקט אויף מיר אי מיט שפּאָט און אי מיט רחמנות.

— קום אַרויס. איך וויל ריידן מיט דיר.

— גיי מענדעל — האָט געזאָגט מאַריאַ פּעריפּעראָווגאַ. — גאַוור־ריליטש וויל זיך אוודאי מיט דיר געזעגענען.

איך האָב פיאָדאָר גאַווריליאָוויטשן געזען עטלעכע מאָל. ער איז, ווי פאַרבייגייענדיק אַריינגעפאַלן כלומרשט אויף אַ רגע און פאַר־פירט מיט מיר שמועסן וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין אָנהויב און נישט קיין סוף. דאָס זענען געווען שמועסן וועגן וועלט־באַשאַף און וועגן דעם, אַז דער מענטש האָט נישט זיין ווילן און מיט אים פירט אָן דער העכערער גייסט. און אויב דער מענטש האָט נישט זיין ווילן — איז ער דאָך נישט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר זיינע מעשים און מען טאָר אים דערפאַר נישט משפטן...

דער טאָג איז געווען אַ זוניקער, אַ שנייאיקער. מיר זענען אַריבער דער פאַרפרוירענער מאָקשאַ און פאַרקערעוועט צום דערפל דודניקאָוואַ.

— פינף און צוואַנציק יאָר בין איך דאָ נישט געווען — האָט גערעדט גאַווריליאָוויטש — ביז דער רעוואָלוציע האָב איך אין טענ־גושעוואַ געהאַלטן די פּאָסט, געהאַט אייגענע זעקס פערד, געטריבן געהילצער מיטן טייך. דאָס געמויערטע הויז פון צוויי שטאָק אין מיטן מאַרק האָב איך געלאָזט אויפבויען. כ׳בין אַוועק קיין מאָסקווע ווייל „די רעוואָלוציע" האָט מיר דאָ אַלץ צוגענומען. איך האָב דאָרט געאַרבעט ביי בויען הייזער. אין דער גרויסער שטאָט האָט מען מיך נישט געקענט. מען האָט מיר דערלויבט צו האַלטן איין פערד, האָט מיך דאָס פערד געקאָרמעט. איצט, אַז דער געראַמאַנעץ איז דערגאַנגען ביז מאָסקווע, בין איך צוריקגעקומען אין מיין דאָרף אַריין. ווער האָט איצט אַ קאָפּ צו מאַכן אַ חשבון מיט גאַווריליאָוויטשן ? איך בין שוין אַן אַכציקער ! די, וועלכע האָבן מיך ראַזקולאַטשעט, זענען שוין לאַנג אומגעקומען אין סיביר... איך גיי אַרום איבער גאָטס ווייסער וועלט, און כאָטש זי איז איצט פאַרשיט מיט שניי אויף אַן אַרשין די טיף, ווייס איך געגוי, אויף וועלכן אָרט, אונטער דעם שניי, מען קען נאָך דערקענען די שפּורן פון מיינע אַמאָליקע טריט.

מיר זענען אָרויף אויף דער הויכקייט פון די דריי ווינטמילן. די

מאַקשאַ־ברעגן האָט מען אַנגעזען, ווייל דאָרט ווו עס איז געווען דער ריכטיקער געלעגער פון טייך, דאָרט איז דער שניי געווען זיל־בערדיק־בלאָ. אין איין ווינטמיל איז געווען צונויפגעזאַמלט היי.

מיר האָבן זיך אָוועקגעזעצט אויפן היי און איינגעהערט אין געצוויטשעריי פון פייגל, וועלכע האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין דער ווינטמיל, צווישן די טונקעלע הילצערנע בעלקעס. זיי האָבן אָנגעטראָגן לאַנגע טרוקן־גראָזן, שטרויען און אין מילדן ווינטל האָבן זיי געפלאַטערט און געמיניעט זיך אין זונליכט.

פיאָדאָר האָט גערעדט:

— איך וויל מיט דיר ריידן פּאָ דושאַם. גייסט אַוועק פון אונדז ערגעץ ווייט. איך בין אַלט און מיינע יאָרן זענען שוין לאַנג גע־שאָנקענע. פאַרוואָס זאָל איך דיר נישט זאָגן וועגן אונדזער גלויבן? דו געהערסט דאָך צו דעם הייליקן פאָלק איזראַיל... איך מוז זיך דורכשמועסן מיט דיר, מיט איינעם פון דעם געטלעכן פאָלק... האָסט אפשר באַמערקט, אַז איך האָב זיך נישט געצלמט ווען איך האָב אַנגעקלאַפּט אין מאַריאַ פעריפעראָוונאַס כאַטע און אויך נישט געצלמט בעת איך בין אַוועק? איך האָב נאָר געקוקט אויף דער איקאָנע און זיך דערנאָך אָפּגעקערט. ווייסט פאַרוואָס? דאָס איז דערפאַר ווייל איך בין נישט קיין פּראַוואָסלאַוו. איך בין אַ כליסט!

— אַ כליסט? — האָב איך איבערגעפרעגט.

אין מיינע יינגל־יאָרן האָב איך אָפט געהערט דאָס דאָזיקע וואָרט, בעת קריגערייען און זידלערייען. „ביסט אַ כליסט, אַ הפקר־מענטש, אַ פּאָביטניק”. ניט איין מאָל האָט מען מיך געשטראָפט: „מענדעלע, זעסט דען אויס ווי אַ יידיש קינד? זעסט דאָך אויס ווי אַ כליסט!” עס האָט באַדייט, אַז איך בין שוין אַ פאַרפאַלענער פאַרשוין און עס וועט פון מיר קיין לייט נישט זיין.

איך האָב איצט געטראַכט: ווי אַזוי האָט עס פאַרבלאָנדזשעט דער נאָמען פון אַן אוראַלטער רוסישער סעקטע אַזש אין מיין געבוירן־שטעטל פלאָנסק און איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זידלוואָרט?

— כליסטן זענען גלויביקע מענטשן... האָסט זיך אוודאי אָנגע־

הערט פיל שלעכטס וועגן אונדז ?... מיר זענען נישט קיין פּאַגאַנער און מיר געהערן זיך אויך נישט אָן מיט די סטאַראָ־אַבראַדצעס. זיי האָבן געפּרעדיקט דעם אונטערגאַנג פון דער וועלט וואָס דאַרף בקרוב געשען. מיר, כליסטן, גלייבן, אַז עס וועט אויפגעשטעלט ווערן אַ קעניגרייך אויף אונדזער ערד. מיר האָבן איבערגענומען דאָס נאָבלסטע און דאָס שענסטע פון אַלט־רוסישן פּאַגאַניזם. שרעק זיך נישט פאַרן וואָרט פּאַגאַניזם. ער איז געווען פיל מענטשלעכער, פיל טיפער ווי דער אומגלויבן פון די מאַרקסיסטן... די וועלט ווערט פאַרווילדעווועטער פון דור צו דור ווייל מיר האָבן זיך אָפּגעקערט פון גלויבן פון אונדזערע אבות. דאָס אַלט־רוסישע פאָלק און אַלע שבטים דאָ האָבן נישט געוווּסט פון קיין שיכרות, נישט פון קיין גנבות, און נישט פון קיין רויבערייען. עס פלעגן אונדז באַפאַלן פרעמדע, וועלכע זענען אַנגעריטן פון די מאָנגאָלישע סטעפּעס און מיר האָבן זיך פאַרטיידיקט. ערשט מיטן אויפקום פון פּראַוואָסלאַוו־נעם גלויבן און מיט די פּרעדיקערייען פון די סטאַראָ־אַבראַדצעס, אַז די וועלט וועט בקרוב אונטערגיין, האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיכרות און אַ הפקרות. דעמאָלט טאַקע האָט זיך באַוויזן אַ פּויער פון דער שטאָט קאָסטראָמסק מיטן נאָמען דאַניעל פיליפּאָוויטש. ער איז גע־ווען אַן אמתדיקער מוזשיק, וואָס האָט געפּרעדיקט פאַרן פאָלק וועגן די הייליקע ספרים, וואָס אייניקע זאָגן, אַז נאָר די אַלטע שריפטן קענען אונדז אויסלייזן, און אייניקע, אַז נאָר די נייע שריפטן. דאָס הייליקע פּויערל דאַניעל פיליפּאָוויטש האָט געזאָגט, אַז מיר דאַרפן האָבן איין־און־איינציקן ספר ; אַ בוך אַ גאָלדנס, אַ בוך אַ באַלעבנ־דיקס, אַ בוך אַ באַפליגלטס — דער האַר אַליין איז דער גייסט דער הייליקער...

פיאָדאָר גאַוורילאָוויטש האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו די בעל־קעס פון דער ווינטמיל און אַ ווײַלע איינגעהערט זיך אין געצווי־טשערייַ פון די פייגל.

אויסטערליש, גראָד אין דער רגע איז אַרויסגעפלויגן פון אַ נעסט אַ ווייסע טויב. זי האָט געמאַכט עטלעכע קרייזן און אַראָפּ־

געניִדערט ניט ווייט פון אונדז מיט אַ וואָרקעריי.

דער זקן האָט באַרירט מיטביידע הענט זיין ברוסט און עפּעס געפּרעפּלט. די טויב איז געגאַנגען מיט צעעפנטע פליגל אַלץ נענטער און נענטער צו אונדז, נישט שרעקנדיק זיך. גאַווריליאָוויטש האָט אויסגעשטרעקט די האַנט און די טויב איז אַרויפגעפלויגן אויף זיין דלאָניע.

— דער מוזשיק דאַניעל האָט צונויפגעזאַמלט אַלע הייליקע שריפטן וואָס זענען געווען אין דער שטאָט קאַסטראַם און זיי אַריינגעוואָרפן אין דער וואָלגע... דערנאָך האָבן זיך צונויפגענומען גאָטס מענטשן און זיי האָבן באַשלאָסן צו שיקן די קלוגסטע פון דער עדה, אַז זיי זאָלן רופן גאָט, אַז ער זאָל קומען אויף אונזער ערד... זענען געקומען די שליחים אויפן הייליקן אָרט, זיי האָבן תפילה געטאָן, געוויינט... און עס איז געשען אַ גרויסער נס; אין ראַווסקער געגנט, אויפן באַרג גאָראָדין, האָט זיך אַראָפּגעקייקלט אַ פאַרהילטער אין וואָלקנס, אויף אַ פייער־וואָגן דער גאָט סאַוואָאָף און ער האָט זיך באַזעצט אין דעם גוף פון דעם געריינִיקטן דאַניעל פיליפּאָוויטש... האָט זיך וועגן דעם דערוווּסט דער פּאַטריאַרך און ער האָט פאַרשלאָסן דעם אַלמעכטיקן גאָט אין אַ פינצטערן געפענקעניש... און דעמאָלט איז די גאַנצע ערד פאַרהילט געוואָרן אין אַ נעפּל און דער נעפּל האָט אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג ביז מען האָט דעם אַלמעכטיקן נישט אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי... און אַז ער איז צוריקגעקומען, האָט ער איבערגעגעבן זיינע נאָכפאָלגער צוועלף געבאָטן און די צוועלף געבאָטן זענען דער יסוד פון אַלע גלויביקע מענטשן...

די טויב האָט עטלעכע מאָל ברייט געעפנט די פליגל און זיי צוריק פאַרשלאָסן, דערנאָך האָט זי זיך אָוועקגעזעצט אויף דעם זקנס האַנט און זייטיק, מיט איין אייגל, געקוקט אויף אים.

איך האָב איינגעהאַלטן דעם אָטעם און נישט געוואָלט צעשטערן די אידיליע אין דער ווינטמיל פון דעם טיף־רוסישן דאָרף.

דאָס שטילע וואָרקעריי פון דער טויב איז צונויפגעקנופּט געוואָרן

מיט די געטלעכע רייד פון רוסישן זקן. איך האָב אים געוואָלט זאָגן וועגן מעשה בראשית, וועגן הר סיני און וועגן די לוחות. וועט ער מיך פאַרשטיין ?

פאַרוואָס זאָל איך, ערב מיין אַוועקגיין אין דער אַרמיי, צעשטערן זיין שיינע אַלט־רוסישע פּאַגאַנישע וועלט, וואָס איז אַזוי מילד ווי די טויבן־וואָרקערייַ ?

איך האָב אים נישט געוואָלט ווי טאָן וויל כ׳בין געווען פול מיט דאַנקבאַרקייט צו פיאָדאָר גאַוורילאָוויטשן הלמאי ער האָט מיך אַרויסגעפירט פון דער כאַטע אין אַזאַ זוניקן ווינטער־פאַרטאָג און פאַרשפאַרט צו הערן די טרויער־רייד פון מאַריאַ פעריפעראָוונאַ וועגן דעם וואָס עס דערוואַרט די יונגע מוזשיקעס אין דער מלחמה.

עס איז גוט געווען צו הערן גאַוורילאָוויטשן ריידן:

— אונדזערע תפילות האָבן מיר אַמאָל געזאָגט אין ווייסע קיט־לען, ביי אָנגעצונדענע ליכט, פאַרזאַמלטע אין פּשוטע מוזשיצקע כאַטעס. הייַנט זאָגן מיר די תפילות בעת מען איז אַליין. די כליסטן טרינקען נישט קיין בראָנפן, עסן נישט קיין פלייש, נישט קיין קאַר־טאָפל, נישט קיין ציבל און רייכערן נישט קיין טאַבעק... מיר פאַסטן פיל. עיקרדיק איז דאָס אינעווייניקסטע געפיל. מיר האָבן ווינציק געשריבענע תפילות און נישט קיין הייליקע ספרים. אונדזער גלויבן גיבן מיר איבער פון מויל צו מויל. די תפילות זענען קורצע, אַזוי ווי די פאָלקס־געזאַנגען. טייל תפילות באַשטייען פון עטלעכע ווער־טער וואָס חזרן זיך איבער. געטלעך זענען די כליסטן אין עקסטאַז, ווייל זיי זענען גאָט־זעונגען... אַמאָל האָבן זיך די כליסטן געדרייט בעת טייל תפילות אין אַ קאַראַהאָד ביז דער געטלעכער גייסט איז צו זיי געקומען... נאָך ביים צאַר אַלעקסאַנדער דעם ערשטן האָבן מיר באַהערשט גרויסע טיילן פון ראָסיי. לפנים האָבן טייל כליסטן אויך געהאַט איקאָנעס אין זייערע שטיבער און מיר פלעגן פון צייט צו צייט באַזוכן די צערקוועס. דאָס האָבן מיר געטאָן כדי זיך צו מאַסקירן, ווייל מיר האָבן געהאַט אויסצושטיין שווערע פאַרפאָל־

גונגען. טייל הייליקע, וועלכע האָבן נישט געוואָלט מאַסקירן זיך, זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער, געלעבט אין ערד־שטיבלעך און אַז מען האָט זיי אַנטדעקט — האָבן זיי זיך אַליין פאַרברענט. איך גיי אָפּט צו דעם בערגל ווו מיר געפינען זיך איצט. די ווינטמיל איז געווען אונדזערס אַ טעמפּל... אַהער איז געקומען דאַניעלס נאָכ־פאָלגער, איוואַן טימאָפעי — געהייליקט זאָל זיין דער אָנדענק... ער האָט דאָ אָפּגעריכט געהיימערהייט תפילות און ער האָט דאָס איינ־געפירט אין דער ווינטמיל די טויבן, עס זענען שוין פאַרביי עטלעכע דורות... די טויבן האָדעווען זיך... זיי זענען דאָ פאַרוואוינט און האָבן דאָ זייערע נעסטן... אַהער קומען נאָך ביז איצט זקנים פון טענגור־שעוואָ, וועלכע געהערן צו דער סעקטע. זיי האָדעווען טאָקע די טויבן... דער גייסט פון הייליקן איוואַן טימאָפעי האָט איבערגענומען דעם הייליקן גייסט פון דאַניעלן און אין דאַניעלן האָט זיך באַזעצט דער גאָט סאַוואַאָפּ...

אין נאַדיעזשדאָס הויז איז געווען אַזוי שטיל אַז איך האָב געהערט די טריט פון דער קאָץ וועלכע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט פון אויוון און פאַרקערעוועט צו דער טונקעלער אויוון־בלעך.

די שייבלעך זענען געווען בלאָ־זילבערדיק, פאָספאָריש.

עס איז אויפגעגאַנגען דאָס ערשטע ליכט פון פאַרטאָג.

# קאַפּיטל זיבן

טענגושעווער פּלאַכן, מאַנאַטאַנע, גרויזילבערדיקע, ליימיק־ברוינ־לעכע, פול מיט ערד־גרודעס פון שלעכט אַקערן, פול מיט דערנער ביי די וועג־ראַנדן און מיט לעביעדאַ־גראַזן פּאַראַיאַריקע וועלכע דער ווינט האָט נישט באַוויזן אַרויסצורייסן פון דער ערד און צו פּאַרטראָגן אין די אַווראַגן; וועגן ברייטע, מיט גריבער, מיט רעדער־אָפּדרוקן, מיט איינגעטריקנטע סימנים פון פערדישע טריט; וועגן וואָס ציען זיך פון דאַרפישע גאַסן ביז צו די בלאָע וואַלד־נעפּלען, ביז צו די האַריזאָנטן; וועגן און אומוועגן האַלב־פּאַרוואַקסענע מיט קראָפּעווע, מיט ווערבע־ריטלעך און מיט מאַזשעוויק־קוסטעס.

יעדער אָנטרייבער האָט זיך אין דעם וועג זיין אייגן שטעגל, ווייל ווען עס פאַלן די רעגנס קען מען מער נישט פאָרן אויף די ערד־שטעגן איינגעטראָטענע, וואָרעם די וואַסערן זאַמלען זיך דאָרט און ווען די ערד איז אויסגעטריקנט סטערטשען גרודעס שאַרפע.

וויפל מאָל האָב איך אויף זיי געוואַנדערט צו די בלאָע וואַלד־וויטן, צו די דערפלעך, וועלכע האָבן געמיניעט מיט דעם ליכט פון די הימלען, איבער וועלכע עס זענען גיך געשוווּמען פּורפּורנע וואָלקנס.

פלאַכן גרינע, פון פריש גראָז, וואָס גייט דאָ אויף פיר־פינף מאָל אין קורצן אָבער שאַרפן זומער. ווייטן ברוינלעכע פון די אַלערליי קוסטעס און אַרומגעוואַקסענע פּיענעס, פון וועלדער אויסגעהאַקטע.

ווייטן קופּערנע ווי אַלטער מעש פון די אַלערליי וויקל־גראָזן; טאָלן טונקל־גרינע. ליכט פון ווייס־שטאַמיקע בעריאָזקעס. פאַרבן גאָלדיק־מעשענע פון סאָסנע־שטאַמען.

נישט איין מאָל האָב איך אויף די וועגן געטראָפן רוסישע פויע־

רים, מאַרדווינישע זקנים און אַלטע טאַטערינס מיט קלומעקעס, מיט בינטלעך טרוקענע צווייגלעך, מיט ליקע־קאָרע, מיט בינטן היי.

זיי האָבן גערעדט צו מיר דעם אוראַלטן רוסיש און טיף אַריינגעקוקט אין מיינע אויגן מיט בליקן מילדע, גלויביקע, חידושדיקנייגעריקע.

אין אַליין־געוועבטע רובאַשקעס, אַליין־אויפגענייטע, פאַרבונדענע מיט אַ גרינעם גאַרטל, אין הויזן צייגענע, אין ליקענע לאַפּטשעס געפלאָכטענע, אין פיס־וויקלערס וואָלענע, פאַרבונדענע מיט לעדערנע רימענס אַזוי ווי די רצועות, מיט בערד ווינטיקע, מיט היט רונדיקע און קליינע דאַשעקס, מיט פּנימער קנאָכיקע, אויגן דורכזעעוודיקע, בלאָ־וואַסערדיקע, האָבן די מוזשיקעס צוגעגעבן דער לאַנדשאַפט עפּעס אור־אַלטס, עפּעס אַרכאַיִשס און עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז איך בין צוריקגעפירט געוואָרן צו די צייטן פון רוסישן מיטל־אַלטער.

ערשט ווען איך האָב זיך באַקענט מיט דעם לעבן פון דער נאָענט, האָב איך דערזען, אַז נישט בלויז די לאַנדשאַפט איז געבליבן אַזאַ ווי זי איז געווען אין די אור־צייטן, נאָר אויך דער מענטש וועלכער באַוווינט זי. אויסטערליש, נישט בלויז דער מענטש, נאָר אפילו זיין טעגלעך לעבן און די מאַכט וועלכע איז דאָ איינגעשטעלט געוואָרן, איז אַזוי נאָענט צו יענע דורות, אָטאָ די ווייט־פאַרגאנגענע פון מיטלאַלטער.

אין די דערפער, אויף הונדערטער קילאָמעטער אַרום טענגושיי זענען געבליבן די זעלביקע מינהגים פון לעבן; הילצערנע כאַטעס געבויטע פון סאָסנע־בעלקעס, געטעסעטע און אומגעטעסעטע, מיט גרויסע אויוונס, מיט קליינע פענצטערלעך, מיט אַ גאַנעקל, מיט אַ שטאָל האַרט צוגעבויט צום הויז. פאַרנט, פאַר דער שטוב, אַן ערד־אַנשיט אַרום דער פריזבע, אַ קליין הייפל און נאָכן הייפל אַ גרינוואַרג־גערטנדל. אין מיטן דער דאָרפס־גאַס אַ ברונעם. די קליידער נייט מען אויף דעם פרימיטיווסטן אופן; אין אַ שטיק געוואַנט שניידט מען אויס אַ ראָד און מען טוט־אָן דאָס געוואַנט, דערנאָך

פֿאַרנייט מען פֿון ביידע זייטן און מען לאָזט איבער אָרט אויף אַרייַנשטעלן די אַרבל. מען שניידט־אויף ביים האַלדז, אַז מען זאָל קענען אָנטאָן די רובאַשקע און דערנאָך פֿאַרזיימט מען די ראַנדן, אַז זיי זאָלן זיך נישט אויסצויטלען.

די פּויערים שערן די האָר מיט דער הילף פֿון אַ טיי־טעצל. מען לייגט עס אַרויף אויפֿן קאָפּ און די האָר וועלכע גייען אַרויס פֿון טיי־טעצל שערט מען אָפּ.

אין די זונטיקס, פֿאַרנאַכט, נאָכן צוריקקומען פֿון קאָלכאָזנעם באַזאַר, גייען די קומעס איינע צו דער אַנדערער. מען דערציילט זיך נייעסן פֿון דאָרף, פֿון די שכנותדיקע דערפֿער און מען לייגט אָוועק די קעפּ אויף דער שויס פֿון דער שכנטע, כדי זי זאָל דאָרט זוכן די לייז מיט אַ הילצערנעם קאָם.

דאָס וואָס איז געווען אַ נייעס פֿאַרן מוזשיק איז נישט אַזוי דער קאָלכאָז, ווי דער טראַקטאָר. ער האָט אָבער נישט באַוויזן אַרויסצושטויסן די פֿערד. די טראַקטאָרן זענען געבליבן אין די פֿעלדער, זשאַווערנדיק, ווייל צוליב דעם פֿעלן פֿון אויסבייט־טיילן, צוליבן פֿעלן פֿון קוואַליפֿיצירטע מעכאַניקער און די ריזיקע שטחים וועלכע האָבן אָפּגעטיילט די טראַקטאָרן פֿון זייערע רעפּאַריר־באַזעס, זענען געבליבן אין אַלע דערפֿער קליינע בית־עלמינס פֿון טראַקטאָר־סקעלעטן. דאָס פֿערד האָט זיך באַוויזן פֿאַר דער זיכערסטער אַרבעטס־קראַפֿט. און לאַסט־מאַשינען זענען שנעל אָפּגענוצט געוואָרן צוליב די שלעכטע וועגן. אפֿילו דאָס אַריבערפֿירן אַ טראַקטאָר פֿון איין דאָרף אין אַנדערן האָט געדויערט עטלעכע טעג. הונדערטער קילאָמעטער אָן שאָסייען, אָן געברוקירטע וועגן, ווייט פֿון אַ באַן־סטאַנציע, אַרומגערינגלט פֿון וועלדער און פֿון לאַנקעס, וועלכע ציען זיך אויף מיילן און מיילן, האָט דער פּויער קיין אַנדער ברירה נישט ווי ממשיך צו זיין דאָס אַמאָליקע לעבן.

פֿון וואַנען זאָל ער נעמען לעדערנע שיך? פֿון וואַנען זאָל ער נעמען קליידונג? דאָס דאָרפֿישע געוועלבל באַקומט צוגעטיילט איר

סחורה באַגרענעצט נאָר פאַר די באַאַמטע פון דער פּאַרטיי און פון די אינסטיטוציעס.

די אַווראַגן זענען רייך מיט קוסטעס. מען ציט אַראָפּ פון זיי די ווייכע קאָרע און מען ווייקט זיי, ווערט פון זיי „מאַטשאַלעס". די ליקע איז גוט פאַר פלעכטן לאַפּטשעס, פאַר מאַכן שטריק, פאַר גע־שפּאַן, פאַר פלעכטן קיישלעך און באַרשטן.

אין די טעג פון דאָרפישן יאַריד טראָגט דער פויער אַרויס זיין „אויסאַרבעטונג" אויף צו פאַרקויפן. און עס קויפן דאָס די וועלכע אַרבעטן אויס וואָל, די וועלכע אַרבעטן אויס שעפּסענע און ציגענע פעלן, די וועלכע האָבן געבראַכט פון ווייטן וולאַדימיר שטאָף אויף אַ סאַראַפאַן. באַביאַנקעס ברענגען אויף די „קאַלכאָזנע יאַרידים" צו עטלעכע גלעזער קאַשע, צו בינטלעך ציבל און צו זעקלעך מיט „סעמיטשקעס". טייל מאָל פירט מען ארויס צום פאַרקויפן אַ ציג אָדער אַ שעפּס, און אין זעלטענע פאַלן, אַ בהמה. צו די „רייכע" פויערים געהערן די „וואַלענשטשיקעס", די זקנים וועלכע קענען די מלאכה פון שלאָגן ווילאָקעס. דאָס איז אַ שווערע, מאַזאָלעדיקע אַרבעט, מען שלאָגט וואָל אין אַזאַ פאָרעם, אַז עס זאָלן אַרויסקומען וואָלענקעס. מיט דער הילף פון הייסער פּאַרע, מיט וואָל צונויפ־געלייגטן אין טיכער, וועלכער ווערט געפּרעסט און געקלאַפּט אויף אַ הילצערנער פאָרעם און אויסגעפּאַרעמט אין וואָלענקעס. צו די וואָלענקעס דאַרף מען האָבן קאַלאָשן וועלכע מען באַקומט נאָר אין די אָבלאַסטנאַיע שטעט.

די ערשטע צייטן האָב איך געמיינט, אַז דאָס דאָרף גייט אויס פון הונגער, אַז מען קען דאָ גאָרנישט באַקומען ווייל דער ראַיאָנער מאַגאַזין איז דאָך תמיד פּוסט. ערשט דערנאָך האָב איך אַנטדעקט דעם סוד, אַז עס גייט אָן אַ שטילער טויש: אַ פלעשל נאַפט אויף אַ פלעשל סאַמאָגאָן, אַ קילאָ פּשאָנאַ אויף פלייש, אייער אויף מעל און אַז מען קען אויך באַקומען וואָלענע הענטשקעס, אַ שעפּסענע שובע. דאָס אַלץ האָט מיר דערציילט מאַריאַ פּעריפּעראָוונאַ.

איך פלעג זיי זען, די פויערטעס פון דאָרף, גיין איילים איבער

דער דאָרפֿישער גאַס, אַנגעטאָן דעם פּעלץ אויף איין אַקסל און אַ האַנט אונטער דער פּאָלע פֿון פּעלץ, אין וועלכער זיי טראָגן פֿאַרבאָרגן דאָס וואָס מען האָט איינגעטוישט ביי אַ קומע. איך פֿלעג זיך וווּנדערן הלמאַי אַלע פּויערטעס וועלכע גייען איבער דער גאַס טראָגן די שובע, אָדער דעם מאַנטל, נאָר אויף איין אַקסל און דער צווייטער אַרבל וויגט זיך אַ ליידיקער...

די הויפּט־שפּייז זענען קאַרטאָפֿל. פֿון די תבואה־קולטורן וועלכע מען האָט באַאַרבעט אויף די פֿעלדער איז די וויכטיקסטע קאָרן — „מאַטושקאַ ראַזש". מען האָט אויך געזייט האָבער, לען און קאַנאָפּליעס.

די צוויי קאָלכאָזן פֿון טענגושיי האָבן אויך געהאַט זייערע קרויט־גערטנער, בוראַקע־פֿעלדער און היי־פֿעלדער מיט וועלכע זיי האָבן געקאָרמעט די גרויסע פֿי־סטאַדעס.

די קאָלעקטיוויזאַציע האָט נישט, אין די וואָלגע־געביטן, צעטרייסלט דעם פּויער.

אין קאָלעקטיוון זכרון האָבן נאָך געלעבט יענע צייטן ווען ריזיקע שטחים ערד האָבן געהערט צו די מאָנאַסטירן און די פּויערים זענען געגאַנגען עטלעכע מאָל אין דער וואָך אַרבעטן אויף די מאָנאַסטירישע פֿעלדער, אָפּט דערפֿאַר, ווייל די פֿאַשע־לאָנקעס האָבן געהערט צו די מאָנאַסטירן און מען האָט געמוזט אָפּאַרבעטן פֿאַר דעם וואָס די דאָרפֿישע פֿי פּיטערט זיך אויף די לאָנקעס. אָפּטמאָל דערפֿאַר ווייל דער פּאָפּ האָט באַווירקט, אַז מען מוז העלפֿן דעם מאָנאַסטיר. די פּויערים האָבן אין יענער צייט געגעבן זייערע שטייערן אין נאַטור: אַ שעפּס, אַ קאַלב, אַ קו, אייער, פֿורן היי און זעק קאָרן. די אייגענע ערד האָט אויך געהערט צו דער אָבשטשינע, דאָס הייסט צו דער געמיינדע פֿון וועלכע ער איז געווען דער אַרענדער אויף צוואַנציק יאָר. דערנאָך האָט ער ווידער געקריגן צוגעטיילט די ערד, לויט דעם וויפֿל זכרים עס זענען געווען פֿאַרשריבן אין דער געמיינדע. די מאָנאַסטירן האָבן געקענט פֿאַרטרייבן פֿון דאָרף נישט־

געוווּנטשענע, די וואָס האָבן זיך קעגנגעשטעלט די פאַראָרדענונגען פון דער מאַכט, אָדער וועלכע האָבן נישט נושא חן געווען דעם פּאָפּ, אָדער דעם פּריסטאַוו.

די קאָלכאָזן האָבן צוריקגעפירט די פּויערים צו יענע צייטן, וועלכע זיי האָבן געקענט פון די פאָלקס־מעשׂות, פון די אַלטע רוסישע לידער, פון דעם וואָס מען האָט דערציילט אין די ווינטער־נעכטביים שיין פון לוטשינעס, פלעכטנדיק לאַפּטשעס, שלאָגנדיק וואָל, אָדער, שערנדיק זיך „פּאָד טשאַשקו"...

„ווייסט די וועלט נישט ענדערן" האָב איך נישט איין מאָל גע־הערט פון די זקנים. „בעסער וועט זיכער נישט זיין, וואָרעם עס גייט צום ענד פון אַלע ענדן"...

איך האָב געזען ווי איוואָן איוואַניטש איז געגאַנגען פאַר טאָג צו דער אַרבעט, ווי נאָר דער בריגאַדיר האָט געקלאַפּט אין לאָדן און גערופן:

— וואַניושקאַ, מען קאָסיעט היינט „פּאָד פּאַלקאָי"...

דער אַלטער פּויער איז שוין געזעסן אויפן ראַנד פון אויוון־פּיעקעליק און געוויקלט די אָניצעס. ער האָט מיט אַ פאַרשלאָפענער שטים שטיל גערעדט: — אַנהערנערדיקע ביעסן... איצט? שניידן היי? אַקאַיאַנניע... פאַרשאָלטענע... דערנאָך האָט ער מיר געזאָגט: — מישאַ, וואָס איז דער בריגאַדיר שולדיק? מען האָט אים באַפוילן אַזוי צו טאָן — באַפעלט ער מיר... ווי קען מען איצט שניידן היי? נישט עס איז די צייט און נישט דער טאָג פאַר שניידן? ביז צו דער „פּאַלקאַ" איז אַכט ווי׳אָרסט... דאָס געשניטענע גראָז וועט דאָרט פאַרפוילן ביז מען וועט דאָס צונויפנעמען...

איוואָן פּראָסטאָווילין האָט שוין געוווּסט, אַז דאָס פאַראָרדנט מען פון ווייט, אַזש פון מאָסקווע, אַז מען זאָל אויספירן די נאָרמע פון היישניט. כאָטש די צייט איז שוין דורך, האָט מען זיך דאָ אַרומגעזען, אַז עס פעלן עטלעכע סקירדעס היי. אפשר האָט מען זיי צעגנבעט? אפשר האָט מען זיי בכלל נישט באַוויזן צו פאַרגרייטן? עס דאַרף

זיכער קומען אַ קאַמיסיע. שרעקט מען זיך, אַז מען וועט נישט טרעפן די סטאַגעס אַזוי ווי מען האָט אַנגעגעבן. אַזוי איז עס מיט די אַקער־פעלדער, אַזוי מיט די פי און אַזוי מיט די פערד. מען צעשלעפּט דעם אַברעק, מען עסט אים אַליין אויף און דערנאָך, אַז דער אויפזעער זאָל מיינען, אַז די פערד האָבן געגעסן, שמירט מען אויס די קאַריטעס און די פערדישע מאָרדעס מיט אַ זשמעניע אַברעק אויסגעמישטן מיט קלייען... אַ רחמנות אויף די באַשעפעניש!...

— היי שנײדן ?... פאַרשאַלטענע, טײוולאָנים אַנהערנדיקע, אַזאַרניקעס, אַנטיכריסטן...

ער איז אַבער געגאַנגען. איך האָב אים נאָכגעקוקט, געזען ווי אַזוי ער בלייבט שטיין אַנטקעגן דער איקאָנע און קוקט אויף איר שטום, מאָנעדיק און קערט זיך האַסטיק אָפּ פון איר, נישט צלמדיק זיך. דערנאָך איז ער אַוועק מיט דער דאָרפס־גאַס ביז צום קאָלכאָזנעם הויף, וווּ עס האָבן זיך געזאַמלט די פּויערים.

אויף אַ לעדערנעם רימען איז געהאַנגען זיין ליקע־געפלאָכטן לענגלעך קיישל. דאָרט איז געלעגן פאַרוויקלט אין אַ ליינען גרוי טיכל אַ רעפטל היימיש־געבאַקן ברויט מיט אַריינגעבאַקענע אינעווייניק קאַרטאָפל, אַ זויערע אוגערקע, אַ ביסל זאַלץ, אַ הילצערנער לעפל, אַ הילצערנע שיסל, אַ מעסער און אַ פּיצל סאַלע די דיק פון אַ פינגער, אַ ציבעלע.

איין מאָל, בעת איך בין פריי געווען פון מיין אַרבעט אין דער שול, בין איך מיטגעגאַנגען מיט איוואַן פראָסטאָווילינען צום הייישניט. מיר זענען געווען צוועלף מוזשיקעס. ווען מיר האָבן דערגרייכט דאָס היי־פעלד איז שוין די זון געשטאַנען איבערן וואַלד און אונדזערע פיאַלעטענע שאָטנס האָבן זיך געצויגן אויף אַ מייל די לענג.

מיט די סמאַלאַנקעס האָבן מיר געשאַרפט די קאָסעס און דער באַריר פון די שוואַרצע אַנגעסמאַלעטע האַרטע זאַמדלעך אויף אַ

דעמבעווע העלצל, האָט אַרויסגעגעבן קלאַנגען אַזוי ווי פון אַנגע־צויגענע סטרונעס.

מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט אין אַ רייע, אָפּגערוקט איינער פון אַנדערן אויף אַ קאָסע־פאַרנעם, אַן ערך צוויי סאַזשן, אָנגעהויבן מיט איין ריטעם צו קאָסען. איצט האָט זיך אָפּגעשלאָגן אין דער לופט דער קאָסע־באַריר מיט די גראָזן ווי דער בייטש־געסווישטש. טייל מאָל האָבן מיר זיך אַלע אויסגעגלייכט און טייל מאָל זענען מיר געגאַנגען מיט די קאָסעס האַלב־רונדיק. די היישניטער האָבן מיט יעדן פאַרמעסט מיט דער קאָסע אַ צי געטאָן אַ ניגון און אים איבערגעריסן ווי נאָר די גראָזן האָבן זיך געלייגט אין אַ רייע אויף דער שאַרף פון דער קאָסע און אים דערנאָך באַנייט.

פיר מאָל האָב איך באַוויזן מיטצוהאַלטן דעם לאַנגן גאַנג מיט די קאָסע־שניידער איבער דעם גרויסן פעלד אַ מייל די לענג. איך האָב געשפּירט ווי די הענט בריען מיר, ווי די קני ברעכן זיך און ווי די קאָסע איז שוין מער נישט שטייף און זיכער אין מיינע הענט.

מיינע קאָסע־פאַרמעסטן זענען געוואָרן קלענערע און צו מיין שטוינען האָב איך דערזען, אַז עס בלייבן נאָך מיר נישט־געשניטענע גראָזן, וועלכע סטערטשען אַרויס פון ביידע זייטן פעלד, וואָס איז ווירעדיק און גוט געקאָסעט.

— העי, מישאַ, מען דערקענט דיין פּאַטשערק... האָסט אַ נישט־גלייכע האַנטשריפט...

עמעצער האָט זיך פאַרהאַלטן, אַרויסגענומען פון אַ טאַש אַ סמאַ־ליאַנקע, אַוועקגעשטעלט דעם קאָסע־שפּיץ אויף דער לאָפּעטשע און אָנגעהויבן איבערגיין עטלעכע מאָל מיט דער סמאַליאַנקע די קאָסע. דערנאָך האָט ער מיט אייליקע שפּאַן אָנגעיאָגט דעם „אַרטעל״.

דעם פינפטן גאַנג איבערן היי־פעלד האָב איך שוין נישט געקענט מאַכן. די שורה פּויערים איז אַוועק ווייט פאָרויס. איך בין געבליבן שטיין אַליין און געקוקט אויף דעם נישט געשניטענעם פּאַס גראָז, וואָס איז געוואָרן מיט יעדן שפּאַן, וועלכן עס האָבן געמאַכט די קאָסע־שניידער, לענגער און לענגער...

אַרום מיטאָגצייט האָבן מיר זיך אויסגעזעצט נישט ווייט פון טייך, אין שאָטן פון אַ קוסטאַרניק און געעפנט די ליקע־קיישלעך כדי צו פאַרבייסן.

יעדער איינער האָט אָנגעשעפּט אַ הילצערנע שיסל וואַסער פון טייך, אַריינגעבראָקט שטיקלעך שוואַרצן ברויט, אַריינגעשאָטן אַ ביסל זאַלץ, און נאָכן איבערצלמען זיך, אָנגעהויבן צו עסן.

עמעצער האָט מיר געגעבן אַ הילצערנע שיסל און געזאָגט: — שעפּ־אָן מאַקשאַ־וואַסער, נעם אַ פּענעץ ברויט און פאַרבראָק, אַזוי ווי מיר. עס איז באַטעמט.

איך האָב געשוויגן און געשאָקלט דעם קאָפּ. ניין.

— פּריוויקניעש... וועסט אַזוי ווי מיר, נאָך דאַנקען די הימלען דערפאַר...

איך האָב געקוקט ווי אַזוי זיי פירן די לעפל צום מויל, אונטער־האַלטנדיק פּיצלעך ברויט, אַז די טראָפּנס וואָס וועלן פאַרגאָסן ווערן זאָלן איינגעזאָפּט ווערן אין ברויט.

איך האָב נישט געפילט קיין הונגער, נישט קיין דורשט און נישט קיין מידקייט אפילו, ווייל שטאַרקער פון דעם אַלעם איז געווען די פאַרשעמונג פון מין מענטש. איך האָב זיך געשעמט הלמאי פּויערים, וועלכע לעבן אין אַזאַ וווּנדערלעכער און גאָט־געבענטשטער געגנט; רייך אין וואַלד, רייך אין ברויט־פעלדער, רייך אין טייכן און אָזיע־רעס, אין פי און אין געפליגל, ווו דער זומער גיט אַ שפּאַר מיט אַזאַ כוח אַזש די תבואה וואַקסט־אויס ווי דורך דער נאַכט און גרייכט ביזן פּאַס, ווו עס ציען זיך די לאָנקעס, פּאַשע־פעלדער און נידערונ־גען ביי די טייכן אויף גערטנער און סעדער — אַז אין אַזאַ גע־בענטשטער געגנט אַזאַ הונגער־מאַלצייט?

איך האָב אָבער נישט באַמערקט קיין צייכן פון ליידן, פון פאַר־שעמונג ביי די פּויערים. זיי האָבן געגעסן שווייגנדיקע די וואַסער־פּאַכלעבקע, אָננעמענדיק פולע לעפל צוזאַמען מיט די פאַרבראָקטע פּיצלעך ברויט. דערנאָך האָבן זיי געטונקען די ציבל אין זאַלץ, טייל האָבן געשניטן פּיצלעך סאַלע, געגעסן די זויערע אוגערקעס, אַרומ־

געווישט די באַרד, די וואָנצעס און אַוועקגעלייגט זיך אויף דער פּלייצע מיט די פּנימער צו די הימלען.

איך האָב גענומען אַ הילצערנע שיסל און אָנגעשעפּט מאַקשאַ־וואַסער, אַריינגעבראַקט אַ טייל פון מיין פּענעץ ברויט און אָנגע־שעפּט אַ לעפל. איך האָב זיך געוואָלט שטאַרקן דורך מיין עקשנות־דיק שווייגן, דורך מיין אויסערלעכער גלייכגילט און דורך אויסדויער, אַזאַ וועלכן איך האָב געזען ביי די פּויערים.

פאַרוואָס זאָל איך זיין מינער פון זיי?

פאַרוואָס זאָל איך נישט קענען טראָגן דעם עול פון ליידן?

מיט וואָס בין איך דען בעסער פון זיי? האָב איך דען מער פאַר־לאָרן ווי זיי? בין איך דען נישט אייגער פון זיי?

לאָמיר צוזאַמען איבערטראָגן די פאַרשעמונג פון מענטש מיט ווערדע און שטאָלץ.

# קאַפּיטל אַכט

די נאַכט אין נאַדיעזשדאַס היים, ערב דער מאָביליזאַציע, דאָס אָרעמע ברויט וואָס איר פֿאָטער, וולאַדימיר יאַקאָוולעוויטש און נאַדיעזשדאַ האָבן צוזאַמען מיט מיר געבראַכן, דער נאַכטיקער געוואַי פֿון וועלף, דער שניי־ווינט אין דער טרובע, דאָס צאַנקענדיקע ליכט פֿון דער קאַפּטילקע ביי די איקאָנעס, דער וואַרעמער אָטעם פֿון נאַדיעזשדאַן, אויסגעמישט מיט רייד: שטילע, שעפּטשנדיקע און נישט־דערררעדטע; די גוף־באַגעגעניש, וואָס איז גיכער געווען אַן אַנטלויפֿן אין אַן אַנדער וועלט אַריין, די וועלט אַן שרעק, אַן טונקעלע אַנונגען פֿון עפּעס אומדערוואַרטס, וואָס לויערט מיט יעדן טיר־געסקריפּ.

נאַדיעזשדאַ האָט מיך געוואָלט, ווייל עמעצער, וואָס איז ענלעך געווען צו מיר און וואָס האָט געשטאַמט פֿון זעלביקן שטאָם ווי איך, האָט זי פֿאַרלאָזן. זי האָט מיך דערנענטערט צו זיך, ווייל אין איר געבוירן־דאָרף, נאָך צוואַנציק יאָר צוריקקערן זיך, איז זי דאָ געווען אַזוי ווי איך איינזאַם. זי האָט דורך מיר געוואָלט דערנענטערן זיך צו עמעצן, וואָס איז אַזוי ווייט און פֿרעמד פֿון איר היימלאַנד דערפֿאַר, ווייל זי האָט געוואָלט צוזאַמען מיט מיר דערווייטערן זיך פֿון דעם, וואָס זי האָט פֿיינט געהאַט.

נישט אַלץ האָב איך אין יענער נאַכט באַנומען פֿון נאַדיעזשדאַס רייד און שעפּטשערייען. איך האָב נישט באַנומען הלמאי זי האָט זיך דערנענטערט צו מיר מיט אַזאַ דעצידירטקייט, אָבער אין דער זעלביקער צייט מיט אַזאַ צוריקגעהאַלטנקייט, ווי זי וואָלט געספּקט, אויב איך וועל אויפֿנעמען איר ליבשאַפֿט מיט דעם פֿולן האַרץ. איך

האָב אויסגעפּילט, אַז נאַדיעזשדאַ שרעקט זיך, איך זאָל זי נישט משפּטן לויט דעם פּלוצעמדיקן פאַרהאַלטן מיך אויף נאַכט, לויט דעם ווי זי האָט אָן שום קווענקלעניש פאַרלייגט די קייטל פון דער טיר, אַראָפּגעדרייט די נאַפט־לאָמפּ און פאַרקלענערט דאָס פלעמל פון דעם קאָנעצל ביי דער איקאָנע. זי האָט מיר אָנגעוויזן דאָס בעט, אָפּדעקנדיק אַ ראַנד פון דער שווערער וואָלענער קאָלדרע.

— דיין קומען פאַרנאַכט איז פאַר מיר נישט געווען אומדער־וואַרטעט.

— פאַרוואָס האָסטו מיך, נאַדיעזשדאַ, נישט פאַרבעטן?

— איך האָב דיך אַרויסגערופן מיט מיינע מחשבות. איך האָב דיך געוואָלט אַזוי זען. דו ביסט אָבער געקומען דורך אומוועגן, דורך די שניי־פעלדער, דורך דעם פאַרפראָרענעם טייך, נישט דורך דעם הויפּט־שליאַך, ווו איך האָב היינט אַ גאַנצן טאָג דיך אויסגעקוקט. אַ סימן, אַז איך האָב געוואַרט אויף דיר, זענען די וואַרעמע מלבושים, וועלכע איך האָב פאַרגרייט פאַר דיר און די סוכאַרעס פאַר דיין ווייטן און שווערן וועג. דאָס רענצל איז שוין פאַרפּאַקט. איך האָב געזאָלט מאָרגן פרי דיר דאָס ברענגען קיין טענגושיי. מישאַ, איך וועל דיך באַגלייטן ביזן סעלסאָוויעט.

איך האָב איר גאָרנישט געענטפערט. ווייל וואָס האָב איך געקענט זאָגן נאַדיעזשדאַן?

די וואַרעמע מלבושים וועלן מיך ראַטעווען. ווי אַזוי וואָלט איך אַוועק אין דעם פערציק־גראַדיקן פראָסט אין מיין לייכטן אויסגעריי־בענעם מאַנטל, אָן אַ פּיצל ברויט, בלויז מיט דער פּאַיקע פון טאָג? ווי אַזוי וואָלט איך דורכגעמאַכט צופוס די איבער הונדערט קילאָ־מעטער ביז דער באַן־סטאַציע? ביז צו די מיליטערישע איבער־שיקונגס־פּונקטן דויערט עס אַ וואָך צייט. איך האָב דאָס אַלץ גע־ווּסט, אָבער נישט געוואָלט וועגן דעם טראַכטן.

איך האָב עקשנותדיק געשוויגן, אַריינגעמענדיק דעם קאָפּ אין ביידע הענט.

אין דער טונקלקייט האָב איך נישט געזען נאַדיעזשדאַס פּנים,

איך האָב אָבער געפּילט, אַז זי איז מיר דאַנקבאַר, אַז זי איז צופרידן פון מיין שטילקייט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז נאַדיעזשדאַ וולאַדי־מיראָוונאַ האָט זיכער געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען אויף צוצו־גרייטן פאַר מיר די סאַלדאַטסקע סומקע. פויערטעס פון טענגושיי האָבן אויספּאַרקויפט דאָס לעצטע פון די היימען, כדי מיטצוגעבן די מוזשיקעס, וועלכע מען האָט אָפּגעשיקט אין דער אַרמיי אַריין, גענוג עסן אויף די ערשטע צוויי וואָכן. עס האָט מיר ווײ געטאָן הלמאי איך נעם אפשר אָוועק דאָס, וואָס איז אַזוי נויטיק פאַר נאַדיעזשדאַן און איר קינד. זי האָט דערפילט ווי מיינע אַקסל ציטערן. נאַדיעזשדאַ האָט מיט אירע פינגער באַרירט מיינע שלייפן און זיי פאַרהאַלטן ביי די אויגן, ווי זי וואָלט געוואָלט זען, אויב די אויגן־ווינקלען זענען נישט פייכט פון טרערן.

— עס איז דאָך אַזוי נאַטירלעך, אַז איך זאָל דיר העלפן. מיר בלייבן דאָ, אין דער וואַרעמער כאַטע.

איך בין געלעגן מיט דעם פּנים צו די פּראַסטיקע שייבלעך און איינגעהערט זיך אין נאַדיעזשדאַס רייד. זי האָט נישט פאַנאַנדער־געוויקלט איר לעבן, נאָר עס אויסגעמישט, אַזוי ווי מען בלעטערט אַ בוך. טייל מאָל האָט זי עפּעס אָנגעהויבן צו דערציילן און איבער־געריסן. אָפּט מאָל האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אויף זייטיקע געשעע־נישן און זיי אויספּירלעך געשילדערט. טייל זאַצן האָט זי, נאָך דעם ווי זי האָט זיי געהאַט איבערגעריסן, פּלוצעם ממשיך געווען. זי איז צוריקגעקומען צו פּאַסירונגען, כדי זיי ווידער אַמאָל צו דערציילן, נאָר מער פּרטימדיק. עטלעכע מאָל האָט זי איבערגעריסן די רייד און געזוכט מיינע ליפּן, מיינע הענט. דערנאָך האָט זי ווידער גע־רעדט, לאַנג און שפּעט אין דער נאַכט אַריין.

איך האָב אויפגענומען אַלץ, וואָס איז געקומען פון דער נאַכט, צוערשט מיט וואַכיקע חושים, דערנאָך זענען די וואַכיקע חושים אָפּגעטראָטן און איך האָב אָנגעהויבן ווי צו חלומען וועגן מיין ווייטער היים ביי דער ווייסל, וועגן דעם שניישטורעם, וועגן די

טעג, וועלכע דערוואַרטן מיך אין די מיליטערישע זאַמל־פּונקטן, וועגן דער שלאַכט, וועלכע גרייט זיך ביי די אַריינגאַנג צו מאָסקווע.

נאַדיעזשדאַס רייד זענען דערגאַנגען צו מיר, כאָטש איך בין געווען פול מיט דעם, וואָס עס דערוואַרט מיך. איצט, מיט יאָרן שפּעטער, טויכן זיי אַלע אויף, איך באַנעם זיי, פאַרשטיי זי און הער זיי ווידער.

האָט נאַדיעזשדאַ געוווסט, אַז עס איז די לעצטע באַגעגעניש? האָט זי געוואָלט, אַז עס זאָל צווישן אונז גאָרנישט בלייבן פאַר־הוילן? איז זי אויסן געווען, דורך אירע רייד, נישט נאָר אַנטפּלעקן זיך, נאָר אויך וואָרענען, לערנען מיך, צוגרייטן מיך צו די שווערי־קייטן, וועלכע דערוואַרטן מיך, ראַטעווען מיך?

— מיין פאָטער האָט נישט פאַרלאָזט באַשקירצי בעת דער קאָ־לעקטיוויזאַציע. דער דוואָריאַנסקער אָפּשטאַם איז דאָ נישט געווען קיין פלעק. מען האָט דעם זעמסקי אַגראָנאָם געשעצט צוליב דער פריינדשאַפט מיט לונאַטשאַרסקין. אָבער נאָך מערער האָט מען אים געדאַרפט אין דער געגנט, וואָרעם זיין עקספּערימענטאַלע אַגריי־קולטור־סטאַציע האָט געהאַט אַ שם. זיינע באָדן־קענטענישן און דאָס סעלעקציאָנירן די זריעה, האָט פיל מאָל אָפּגעראַטעוועט די טעגונשעווער, באַשקירצער און קוליקאָווער תבואה־פעלדער פון אומגערעטענישן. די פויערים האָבן אונדז דעמאָלט געשיצט. די זקנים געדענקען אים נאָך און פאַרלייכטערן אים אין די שווערע צייטן. מיך און מיין ברודער האָט מען אָוועקגעפירט קיין מאָסקווע. דאָרט האָבן מיר געהאַט קרובים. איך האָב שטודירט ליטעראַטור און פרעמדע שפּראַכן. מיין מאַן האָב איך באַגעגנט אין אַ ווייסרוסישער טראַקטאָרן־פאַבריק. מען האָט מיך אַהין געשיקט אויף די פעריען פירן אַ קולטור־אַרבעט. אַ שטילער, טרויעריקער, פאַרשלאָסענער מענטש. ער איז געזעסן אין זיין אינזשיניערן־צימערל מיט אַזויפיל צער און דערשראָקנקייט, אַזש עס האָט מיך אויפגערודערט. עס איז געווען נאָך דעם מאָרד איבער קיראָוון. יעדער נאַכט זענען פאַר־

געקומען אַרעסטן. יעדן פֿאַרטאָג, בעת עס האָט זיך געשטעלט די ערשטע שיכט צו דער אַרבעט אין דער פֿאַבריק, האָט מען אַלע צונויפֿגעזאַמלט אין דער גרויסער האַלע. מען האָט געוואַרט אויף דעם אָנפֿירער פֿון דער זיכערקייטס־וואַך און אויף דעם דירעקטאָר. זיי זענען געקומען אין שינעלן, אין כראָמאַווע שטיוול, געפּאַלבטע רונדיקע פּרצופֿים און פֿאַרפּרעסטע ליפּן. איך בין געשטאַנען נישט ווייט פֿון די אינזשיניערן און טעכנישע אַרבעטער, אין דער ערשטער רייע. איך האָב געזען ווי אַזוי עס אַפּלאַדירן די מענטשן אַרום מיר בעת דער רעדנער, אויבן־אָן, זאָגט־אָן די בשורה, אַז מען האָט אַנט־דעקט אַ שעדיקער, אַ שפּיאָן, אַ פֿיינט פֿון דעם לאַנד. אויך איך האָב אַפּלאַדירט. און נאָך די אַפּלאַדיסמענטן זענען מיר אַלע צוריקגעגאַנ־גען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, מיט שווערע טריט און איינער האָט אויסגעמיטן דעם אַנדערן. אין יענער צייט האָט באַזוכט די פֿאַבריק אַן אויסלענדישע דעלעגאַציע. עס זענען געקומען אינזשיניערן פֿון ענגלאַנד און פֿראַנקרייך. עס איז געווען צווישן זיי אַ פֿראַנצויזישער מיניסטער און מיט זיי — אַ מענטש פֿון פּאָליטביוראָ און אָנפֿירער פֿון נ.ק.וו.ד. דעמאָלט טאַקע בין אויך אויפֿפֿאַלנדיק געוואָרן, ווייל איך האָב זיך אַרויסגעכאַפּט מיט עטלעכע ווערטער אויף פֿראַנצויזיש, אַזוי ווי צו זיך. עמעצער פֿון דער דעלעגאַציע האָט זיי דערהערט און די אויסלענדישע דעלעגאַטן האָבן מיך אַרומגערינגלט און פֿאַר־שיט מיט פֿראַגן. איך האָב געענטפֿערט אויף פֿראַנצויזיש און ענג־ליש. אַרום מיר האָבן זיך געדרייט עטלעכע פֿאַרשוינען. זיי האָבן געוואָלט אַריינמישן זיך. מען האָט מיך עטלעכע מאָל גערופֿן, אָבער די אויסלענדישע געסט האָבן מיך באַגלייט, זיי האָבן געבעטן, דורך זייערס אַ דאָלמעטשער, דעם מענטש פֿון דער פּאָליט־ביוראָ, אַז איך זאָל אָקצעפּטירן אַן אָוונט־עסן. מען האָט מיר נישט דערלויבט. יענע נאַכט בין איך געפֿאַרשט געוואָרן אין נ.ק.וו.ד. איך האָב געמוזט אָנשרייבן דריי מאָל דעם פֿולן אינהאַלט פֿון די אַלע פֿראַגן, וועלכע מען האָט מיר געשטעלט און וואָס איך האָב געזאָגט. מען האָט טעלע־פֿאָניש פֿאַרבונדן זיך מיט מאָסקווע. מאָסקווע האָט זיך געוואָנדן קיין

טענגושיי, טעלעפּאַניש, אַנפּרעגנדיק פּרטים וועגן מיר. פאַרטאָג האָט מען מיך אָפּגעפירט אין אַ פאַרמאַכטן וואָגן. איך האָב געשטוינט פון חידוש, ווען עס האָבן זיך געעפנט פאַר מיר, נישט די טויערן פון דער טורמע, נאָר פון האָטעל, אויף דער הויפּט־גאַס, ווו עס זענען איינגעשטאַנען די אויסלענדער. מען האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ זייטיק צימערל און דאָרט האָב איך דערקענט מיין וואַליזע און מיינע קליידער וועלכע זענען געהאַנגען אויסגעפּרעסטע אויף העלצ־לעך. „טוט זיך איבער יום־טובדיק אין שענסטן קלייד" — האָט איינער פון די פּרעמדע באַגלייטער געזאָגט. „איר וועט באַלד אַריינגיין אין עס־זאַל פון האָטעל און זיך זעצן ביים טיש נומער אַכט. דאָרט איז געגרייט פאַר אייך דער פרישטיק. דערנאָך וועט איר צוריקקומען אין דעם צימערל, צונויפפּאַקן אייערע זאַכן און נעמען דעם מאָסק־ווער צוג, וועלכער גייט־אָפּ 12 בייטאָג. דער באַן־בילעט און דער פּלאַץ זענען שוין רעזערווירט". ביידע נ.ק.וו.ד.־לייט זענען אַרויס פון צימערל און מיר געגעבן פופצן מינוט אויף איבערצוטאָן זיך. בעתן גיין צום עס־זאַל איז איינער פון די באַגלייטער צו מיר צוגע־קומען און געזאָגט „געווינט פאַר יעדן פּרייז דעם צוטרוי פון פּראַנ־צויז, וועלכער וועט זיצן ביי אייער טיש. פאַר יעדן פּרייז. איר פאַרשטייט, וואָס דאָס באַדייט ? עס איז נויטיק פאַר דעם סאָוויעטישן הימלאַנד". אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן מיין ראָל. איך האָב זי אויס־געפירט גוט. מען איז געווען צופרידן פון מיר. איך האָב בעת דעם ערשטן באַריכט געוואָלט ראַטעווען יענעם שטילן טרויעריקן מענטש, אָטאָ דעם אינזשיניער, דעם ייד, וועלכן איך האָב אָפּט געזען אין זיין אינזשעניערן־ביוראָ. ראַטעווען אים פון דער שינאה, פון דער איינזאמקייט און פון דעם, וואָס עס דערוואַרט אים. איך האָב געזאָגט: „די אויסלענדישע געסט, באַזונדערס דער פראַנצויז, האָט מיט מיר גערעדט וועגן דעם, אַז דער אינזשיניער מינטשעל איז ממש געניאַל אין זיין אַרבעט". פאַרוואָס האָב איך דאָס אויסגעטראַכט ? איך ווייס נישט. איך האָב געוואָלט טאָן עפּעס גוטס. פאַרוואָס גראַד מינטשעלן ? ער האָט איבערגעהאַלטן די אַרעסטן. מען האָט אים נישט געפּאַרשט.

איך האָב דערנאָך געהערט, אַז ער איז געוואָרן דער הויפּט־אינזשי־
ניער. הייסט דאָס, אַז מיינע רייד זענען דורך מאָסקווע איבערגעשיקט
געוואָרן אין דער ווייסרוסישער פאַבריקס־שטאָט. איך האָב אים
דערנאָך באַגעגנט אין מאָסקווע אויף אַ באַראַטונג פון אינדוסטרי־
מיניסטעריום. אויך איך בין דאָרט געווען. פאַרוואָס? דערפאַר ווייל
כ׳בין געווען אין רשות פון דער נ.ק.וו.ד. פון דער אינדוסטרי. איך
האָב דערזען, אַז ער האָט זיך געענדערט; די שרעק איז אָפּגעטראָטן.
ער איז געוואָרן אויסגעגלייכטער.

— ווילט איר פאַרלאָזן אייער שטאָט און קומען קיין מאָסקווע?
— האב איך אים געפרעגט. — דאָ איז זיכערער — האָב איך געזאָגט.
ער האָט פאַרשטאַנען, אַז זיין פּלוצים דערהויבן ווערן איז געשען
דורך מיר. ער האָט מיר דערנאָך געזאָגט, דאַנקענדיק דערביי, הלמאי
איך האָב נישט פאַרהוילן די גוטע ווערטער פון דעם פּראָנצוויזישן
אינזשיניער. איך האָב אים קיין מאָל נישט געזאָגט, אַז זיי זענען
דורך מיר אויסגעטראַכט געוואָרן. מיט צוויי חדשים שפּעטער איז
ער שוין געווען אין מאָסקווע... ער איז געוואָרן מיין מאַן... ער האָט
געשוויגן דעמאָלט, ווען דער טעלעפאָן האָט אין די נעכט געקלונגען.
מיר האָבן געוווּסט דעם באַדייט. „גוט. איך קום״. איך האָב זיך אין
געאייל איבערגעטאָן אין די קליידער באַקומענע פון ספּעציעלן נ.ק.
וו.ד.־מאַגאַזין. אין דער נאַכטיקער גאַס פאַר מיין וווינונג, האָט גע־
וואַרט אַ שוואַרצער אויטאָמאָביל. איך האָב מיין מאַן געלאָזן אין
שטוב, און געוווּסט, אַז ער וועט אַ גאַנצע נאַכט וואַך־זיין און וואַרטן
אויף מיין צוריקקומען... אין קרעמלאָווסקן זאַל. לוסטרעס. פאַרשוינען
אין מיליטערישע קליידער. גלאַנציקע שטיוול. ציווילע, וועלכע איך
האָב שוין געקענט פון די פריערדיקטע באַזוכן און אומבאַקאַנטע,
פּלוצעם־אויפגעטויכטע פון ווייטע ראַיאָנען, פון די פּראָווינץ־קאָמי־
טעטן. פנימער פון שיכרות, פון לאַנגווייל, פון גלייכגילט. אַ געמיש
פון שבטים: רוסן, טאָטערן, קאַלמיקן, גרוזינער, פאַרפּוילישטע רוסן
און רוסיפיצירטע אוקראַינער. וואַכן אויף שריט. איבערגעכיטרעוועטע
פאַרשוינען מיט אומבאַהאָלפענע באַוועגונגען פון פויערים, בעת עס

פאַלט אויף זיי דאָס שפּיגלדיקע ליכט פון קרעמלישע לוסטרעס און פון מירמלנע ווענט.

מען האָט פון צייט צו צייט אין די נעכט צונויפגערופן די „הויכע מאָסקווער געזעלשאַפט", כדי „קולטורנע צו פאַרברענגען". וועמען האָב איך דען דאָ נישט געזען? אויסגעשריגענע זינגערינס, וועמענס לידער האָבן זיך טאָג און נאַכט געטראָגן פון די ראַדיאָ־וועלן; גרויסע אַקטיאָרן, רעזשיסאָרן, הויף־דיכטער און פרויען פון דעם „ספּעציעלן דינסט", פאַר רעפּרעזענטאַנץ. די אייגענע ווייבער פון די קרעמל־דיגניטאָרן האָבן אָהער נישט געהאַט קיין אַריינטריט. זיי זענען אפילו נישט מיטגעקומען אין די טעאַטער־לאָזשעס מיט זייערע מענער. אַרום צוויי בייַנאַכט איז געוואָרן אומגעוויינטלעך שטיל. דער אָרקעסטער האָט אויפגעהערט שפּילן. עס האָבן זיך נאָך מערער צעפינקלט די ליכטער. מען האָט אָנגעצונדן די רעפלעקטאָרן ביי די מירמל־קאָלאָנעס, ביי די גזימסן, און אין די זאַלן האָבן זיך באַוויזן ציווילע פּאַרשוינען. זיי האָבן זיך צעשטעלט אין די ווינקלען. דאָס איז געווען די ספּעציעלע אינעווייניקסטע וואַך. ער אַליין, דער פאָטער פון די פעלקער, האָט זיך באַוויזן. דער אָרקעסטער האָט אויסגעשפּילט אַ טריומף־מאַרש און דער „כאַזייאין", נידעריק מיט אַ וואַקלדיקן גאַנג, מיט קראַפּעווע־אויגן, עטוואָס געשטופּלט, מיט אַ שפּאָט־שמייכל אַ צוגעגרייטן אויף דער וואָנצע, האָט גענומען שטעלן טריט.

אַ פּאַרשוין מיט אַ צעיוירן רונדיקן פּנים, אויסגעראַזירט ביז רויטקייט, האָט אים באַגלייט.

מיין ראָלע איז געווען אַ רעזשיסירטע דורך די „ספּעציאַליסטן". איך האָב געדאַרפט געמיטלעך שמועסן. איך האָב נישט געטאָרט קיינעם באַלעסטיקן מיט מיין אויפפירן זיך. צוריקגעהאַלטנקייט. באַ־שיידנקייט. שטילע רייד. איך האָב געדאַרפט תמיד זיין אין איין טייל פון זאַל, נישט אין צענטער, אָבער אויך נישט צופיל זייטיק.

נאָך יעדער אויפנאַמע האָב איך געמוזט אָנשרייבן מיין באַריכט:

אַלץ וואָס איך האָב געהערט, אַלץ, וואָס איך האָב געזאָגט. איך האָב געדאַרפט מאַכן מיינע באַמערקונגען וועגן אויפפירונגען פון די מענטשן און אַרויסזאָגן מיינע פאַרדאַכטן. איך האָב זיך געווערט, געגעבן אַזעלכע ידיעות, וואָס זאָל נישט בלויז נישט שאַדענען, נאָר וואָס זאָלן נאָך העלפן. מען האָט זיך אָבער געכאַפּט אויף מיינע כוונות. „ריזיקירסט מיטן קאָפּ" — האָט מען מיר געזאָגט. „דערווייל ביסטו נאָך נישט אַריינגעפאַלן, ווייל עס זענען נישט אַרעסטירט געוואָרן דיינע געליבטע און זיי האָבן זיך נישט אַרויסגעוויזן פאַר קיין שונאים. וואָס וועט דען געשען מיט דיר, נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָווי־נאַ, ווען עס וועט זיך באַשטעטיקן, אַז דו האָסט געדעקט שונאים פון פאָלק?"

מען האָט מיך געשיקט קיין אוראַל אין אַ פאַבריק, וואָס עס האָבן געבויט אויסלענדישע אינזשינירן. איך האָב געדאַרפט מיטהעלפן דער נ.ק.וו.ד. דערגיין דעם אמת. בויען זיי? אָדער זיי סאַבאָטירן? דער פראַנצויזישער אינזשיניער, וועלכן איך האָב באַגלייט, האָט זיך פאַרליבט אין מיר. ער האָט געמאַכט אַ ווענדונג אַנצונעמען סאָוויעטישע בירגערשאַפט. פּלוצעם איז ער נעלם געוואָרן. איך האָב אים געזוכט אָבער אָן דערפאָלג. איז ער אַרויסגעשיקט געוואָרן? איז ער אין סיביר? אַ געוויסע צייט בין איך געווען צוגעטיילט צו דער זיכערקייטס־אָפּטיילונג ביים אויסערן־מיניסטעריום. איך האָב מער נישט געהאַט קיין פרייען טאָג און קיין רויִקע נאַכט. מיין מאַן האָט געוווּסט, אַז איך האָב נישט קיין אויסוועג. אַז אַזוי לאַנג ווי איך בין אויף דער דינסט פון נ.ק.וו.ד. קען ער נישט ענדערן דאָס לעבן. יעדער צוריקטריט באַדייט דער סוף פון אונדזביידן. עס איז געבוירן געוואָרן דער זון. אַ שטיקל צייט האָב איך געהאַט רו און דערנאָך האָט זיך מיין אַרבעט באַנייט. דעמאָלט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז עס וועט מער נישט אָנהאַלטן לאַנג. ער האָט זיך אָנגעהויבן צו ברעכן. פאַרטאָג האָב איך זיך דערשראָקן פאַר זיין פּנים. איך בין צוריקגעקומען פון די נאַכט־אויפנאַמעס אין די זיידענע קליידער פאַרפומירט מיט אויסלענדישע פאַרפומען. איך האָב געטראָגן די

מאַדערנסטע פּאַריזער מלבושים. איך האָב זיך געשעמט פֿאַר מיין מאַן, פֿאַר דער ניאַניע, פֿאַרן קינד גענאַדי.

איך האָב אין יענער נאַכט געהערט דעם געוואַי פֿון שניישטורעם און געפֿילט ווי אַזוי דער שניי־שטויב דרינגט אַריין דורך די דינסטע טיר־שפּאַלטן, דורך די ערטער אין די האָלצערנע בעלקע־ווענט, וועלכע זענען נישט ענג צונויפֿגעצויגן און באַלייגט מיט מעך און געזען ווי עס זילבערט דאָס טונקעלע האָלץ.

מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז שניי־שטויבעלעך פֿון דער וויוגע לייגן זיך אויף מיינע ליפּן און אַז איך געפֿין זיך אין אַ פֿראָסטיקן קאַשמאַר.

# קאַפּיטל ניין

אין דאָרף באַשקירצי האָב איך געהערט אין שפּעטן זומער, ביים הײשניט, זינגען אַ ליד וועגן פּוגאַטשעווס אַן אַטאַמאַן סאַלאַוואַט יולאַיעוו. ווען עס האָט זיך איינגעשטילט דער קאָסע־געקלאַנג און די זון איז געשטאַנען הויך, האָבן מיר זיך אַוועקגעלייגט אין שאָטן פון וואָגן, ארונטערגעשאַרט אונטער די קעפּ פּריש־געשניטן היי. איך בין אַוועק מיט איוואַניטשן צום טייך מיט אַ קליינער נעץ כדי צו כאַפּן עטלעכע פישלעך אויף אַן אוכאַ. מיר זענען געווען נישט ווייט פון די היי־שניטערס, האָרט ביים זומפּיקן ברעג און געכאַפּט עט־לעכע קאַראַשן און שלייען. איך האָב צעלייגט אַ פייער און אין עמער געקאָכט פאַר דעם „אַרטעל" אַן אוכאַ. אומגעריכט האָט זיך אויפגעזעצט אַ פויער, אַנגעשפּאַרט אַן אָרעם אַן דעם דישעל פון וואָגן, אַ קעם־געטאָן די סיווע באָרד און אָנגעהויבן שטיל זינגען:

מיין היימלאַנד איז ווייט,
איך וואָלט זיך צוריקגעקערט צו דיר
באַשקיריע! אין קייטן בין איך געשמידט!
די וועגן ווערן פון שניי פאַרשיט,
אין פרילינג וועלן שנייען צעטייען —
באַשקיריע איך לעב! הערט מיין ליד!

דאָס ליד האָט פאַרפאַסט סאַלאַוואַט יולאַיעוו, וועלכער איז אָפּ־געקומען זיין לעבנס־קאַטאָרגע אין אַ שטיינהאַקעריי אין פינלענדישן איינגוס, אין פאָרט ראָגעוויק, נאָך דעם ווי עס איז אונטערגעדריקט געוואָרן דער אויפשטאַנד פון פּוגאַטשעוון.

סוף 1774, איז דער פּוגאַטשעווער אַטאַמאַן סאַלאַוואַט יולאַיעוו, נאָך אַ שלאַכט, אין די דערפער, אַרום די וועלדער פון טייך מאַקשאַ, געפאַנגען געוואָרן פון צאַרישע אָטריאַדן. צוואַנציק טעג האָט מען

אים געפירט אַ געבונדענעם ביז דער פעסטונג אָרענבורג און דערנאָך איז ער צוזאַמען מיט זיין פאָטער געבראַכט געוואָרן קיין מאָסקווע.

זייט יענער שלאַכט פון די פוגאַטשעווצעס מיט די צאַרישע סאָל־דאַטן האָט דאָ געהערשט רו. טענגושיי און באשקירצי, קוליקאָוואָ און קראַסני יאַר, דודניקאָוואָ און אַטענינא, ביז אויף יענער זייט טייך מאָקשאַ, העט ביז דער וואָלגאַ, האָבן די דערפער געלעבט אין פרידן און רו. אַפילו בעתן אויסברוך פון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע איז די מאַכט־־ענדערונג פאָרגעקומען אָן שום אויפטרייסלען. פרעמ־דע זענען אַוועק און פרעמדע זענען געקומען אויף זייער אָרט. איין נאַטשאַלניק האָט פאַרביטן דעם אַנדערן. דאָס וואָס די פויערים גע־דענקען גוט איז ס׳שליסן די צערקוועס, דאָס פאַנאַנדערלאָזן דעם סאַראַטאָווער סאָבאָר און דאָס אַראָפּנעמען די קופּערנע גלאָקן פון דער טענגושעווער צערקווע.

וועגן אַראָפּנעמען די צוויי שווערע קופּערנע גלאָקן פון דער טענגושעווער צערקווע האָט מיר איוואַן פּראָסטאָווילין דערציילט די געשיכטע: „אין דער גאַנצער געגנט האָבן זיי נישט געקענט געפינען קיין איין מענטש, וואָס זאָל וועלן אַראָפּנעמען פון דער צערקווע די גלאָקן. מען האָט געבראַכט פון אַ שכנותדיק דאָרף אַ יונגן פּאָליאַק מיטן נאָמען סאָקאָלאָווסקי. ער האָט זיך אונטערגענומען דאָס צו טאָן. מיר האָבן זיך פאַרזאַמלט נישט ווייט פון דער צערקווע און אַנידער־געקניט. הונדערטער פויערים און פויערטעס קניענדיקע. קיין איין וואָרט האָבן מיר נישט געזאָגט, געקניט און תפילה געטאָן. דער פּאָליאַק האָט זיך פאַרקליבן ביז צו דער קאָלאָקאָלניע. מיר האָבן געהערט דעם אָפּקלאַנג פון קופּער, דעם געברום און דאָס געקלאַפּ פון דער האַק. איין גלאָק איז געפאַלן און צעבראָכן זיך אויף שפּלי־טערס. דער צווייטער גלאָק איז אַריין אין דער ערד אפשר אויף אַן אַרשין. דער פּאָליאַק האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין צערקווע־הויף מיט אַ פלאַש וואָדקאָ און געזויפן. לעבן אים איז געשטאַנען סטיאָפּ־קאָ, דער מיליציאָנער. ביידע האָבן געזשלאָקעט און געשפּאָט. מיר האָבן גאָרנישט געענטפערט, נאָר תפילה געטאָן״.

„געבוי צום יאָר איז סאָקאָלאָווסקי פאַרזונקען געוואָרן אין אַ זומפּ מיט אַ פערד, נישט ווייט פון באַראַשאָווא. סטיאָפּקאַ איז אַראָפּ פון זינען. ער האָט זיך אין די נעכט אָוועקגעשטעלט אויף דער הויכער צערקווע־מויער און נאָכגעמאַכט דעם גלאָקן־געקלאַנג, בום־באָם! באָם! אַזוי נאַכט נאָך נאַכט. אין אַ ווינטער־נאַכט האָט מען אים געפונען אַ פאַרפרוירענעם, געבוי אויף דעם אָרט, וווּ עס איז געפאַלן דער צערקווע־גלאָק״.

די איינוווינער פון דאָרף באַשקירצי זענען געווען אָפּשטאָמיקע פון סאָלאָוואָט יולאַיעווס פּוגאַטשעווצעס. זיי האָבן זיך מער נישט געקענט צוריקקערן קיין באַשקיריע צוליב פאַרפאָלגונגען נאָך דעם ווי דער אויפשטאַנד איז אונטערגעדריקט געוואָרן.

די באַשקירער האָבן זיך אויסגעטיילט פון די שכנותדיקע מאָרדווינישע דערפער מיט די גוט־געבויטע, שיין־געטעסעטע הייזער, מיט דעם פערד־געשפּאַן, אַ באַזעצטן מיט קופּער און מעש־קנעפּ, מיט דעם אופן ווי זיי האָבן באַאַרבעט זייערע פעלדער, מיט די גוטע פּאַראַדעס פון זייערע פערד און ריינעם סאָרט וואָל. זיי זענען געווען הויכע, שלאַנקע, ברייט אין די אַקסל, טונקל־האַריקע, שיף־אויגיקע. די פרויען האָבן געהאַט רונדע פּנימער, פולע, אין גוף שלאַנק, באַוועגלעך און די אויגן טיפע, שוואַרצע מיט לאַנגע, גוט־געצייכנטע ברעמען.

נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָוונאַ האָט מיר געזאָגט, אַז פון איר מוטערס אָפּשטאַם איז זי אַ באַשקירערין און אַז אויך אין פאָטערס אָדערן פליסט אַ שטראָם באַשקיריש־טאָטעריש בלוט. אַן עלטער־זיידע פון פעטראָגראַדער צאַרישע הויף־מענטשן האָט זיך באַזעצט אין דער געגנט. ער איז צוגעשטאַנען צו די פּוגאַטשעווצעס און געשטיצט סאָלאָוואָט יוליאַעוון. מען האָט אים פאַרפאָלגט און כדי אויסצומיידן קאַטאָרגע האָט ער זיך אויסגעמישט מיט דעם פאָלק, געלעבט ווי אַ פויער און אויפגעבויט אַ גרויס הויז אין דעם דאָרף באַשקירצי. דאָס איז ס׳הויז, אין וועלכן מיר געפינען זיך איצט. מען

האָט עס עטלעכע מאָל באַנייט און עס זענען צוגעשטעלט געוואָרן צוויי פּליגל.

אין דער משפּחה פון נאַדיעזשדאַ האָבן זיך אויפגעהיט דאָקומענטן פון יענער צייט. עס זענען אויך פאַראַן אין אַמבאַר יולאַיעווס אַ שווערד און זיינס אַ בראָנדזענער מעדאַל, מיט יולאַיעווס פּראָפיל, וועלכן עס האָט אויסגעהאַקט אַ קופּער־מינצער. נאַדיעזשדאָס על־טער־זיידע האָט געלעבט מיט אַ באַשקיריערין, וואָס האָט זיך אָנגע־הערט צו די הויפּט־אָנפירער פּוגאַטשאָווס. ער האָט פון איר געהאַט קינדער. „אין באַשקירצי איז מיין שטאַם אַן אויסגעמישטער", האָט מיר געזאָגט נאַדיעזשדאַ. „קאַלכאַזניקעס, עטלעכע באַאַמטע אין ראַ־יאָנעם צענטער — דאָס זענען מיינע אָפּשטאַמיקע. דערפאַר האָט דער פאָטער קיין מאָל נישט געוואָלט אַוועק פון דעם דאָרף. נאָך דעם ווי ער האָט פאַרענדיקט זיינע סטודיעס, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער באַזוכט דייטשלאַנד, געווען אין פראַנקרייך, באַ־קענט זיך מיט דער אויסלענדישער לאַנדווירטשאַפט און צוריק־געקומען קיין באַשקירצי, אין דעם דאָרף, ווו עס האָבן זיך אויס־באַהאַלטן די לעצטע מענטשן פון סאַלאַוואַט יולאַיעוו".

אין דעם ערשטן מלחמה־יאָר מיטן גערמאַניעץ, ווען דער דייטש האָט זיך אָנגעהויבן צו דערנענטערן צו מאָסקווע, האָט מען געעפנט צערקוועס. אַ דרייסיק וויאָרסט פון טענגושיי, איז באַנייט געוואָרן אַ צערקווע. זונטיק זענען אַוועק אַלטע פויערטעס הערן גאָטס וואָרט.

די קאָלכאָזנע פעלדער האָבן געפּוסטעוועט. דער אָסיען האָט פאַר־כאַפּט די קאַרטאָפל נאָך אין די בראַזדעס. ווען עס איז געפאַלן דער ערשטער שניי האָט מען נאָך נישט געהאַט אָראָפּגענומען די תבואה־בינטן. דאָס היי איז נאָך נישט געווען פאַרפירט צום קאָננעם דוואָר. יעדע עטלעכע טעג האָט מען אָפּגעשיקט נייע פּאַרטיעס מאָביליזירטע. מען האָט אַוועקגעטריבן די לעצטע קאָלכאָזנע פערד.

אין טענגושיי האָבן זיך באַוויזן נייע נאַטשאַלניקעס פון דער פרעמד. דאָס זענען געווען פּאַרטיי־סעקרעטאָרן פון די שטחים וועלכע דער דייטש האָט שוין געהאַט פאַרנומען. מען האָט דעם

איבערגעגעבענעם פּאַרטיי־קאַדר געוואָלט אויסהיטן אין הינטערלאַנד. זיי האָבן דאָ זיך באַזעצט אין די ציגלנע הייזער. ס'רוב פון זיי זענען געקומען מיט משפחות, מיט האָב־און־גוטס, גוט־געקליידעטע, זיכע־רע אין זיך, האָבן זיי אָנגעהויבן איינפירן נייע פּאַריאַדקעס. דער ראַיאָננער צענטער האָט אויפגעלעבט. די מיליץ איז פאַרגרעסערט געוואָרן. די פּאַרטיי־מענטשן האָבן זיך געמערט און די ברויט־נאָרמעס האָבן זיך געהאַלטן אין איין פאַרקלענערן. עס איז אָנט־שטאַנען אַ פאַרמאַכטער מאַגאַזין, נאָר פאַר די קאַדרען.

דער הונגער איז צוגעשטאַנען מיטאַמאָל. שאַרף און בייז. עס האָט שוין געפעלט אפילו דאָס לעביעדאַ־ברויט. אין זונטיקדיקן מאַרק־טאָג, ווען עס זענען זיך צונויפגעקומען די פויערים און אָנגעשטעל־טע, האָט מען פאַרקויפט לעפּיאָשקעס, זויערמילך און טעצלעך צע־לאָזטן פּוטער, פאַרגליווערטן. וואָס אַ מאָל איז דער „מאַרק" אָרעמער געוואָרן ביז עס זענען נאָר געקומען סתם נייגעריקע פויערים, כדי זיך דאָ אַרומצודרייען, כאַפּן אַ שמועס מיט אַ באַקאַנטן און דערוויסן זיך נייעס.

די פּאַרטיי־מענטשן האָבן נישט געהונגערט. אין די נעכט האָט מען ארויסגעפירט שעפסן פון דער קאָלכאָזנער פערמע און זיי גע־שאָכטן. מען האָט געטיילט זיך מיט פלייש, מיט די לעצטע זריעה־קארטאָפל פון די קאָלכאָזנע אַמבאַרן, מיט קאָרן, מיט מילך און פּוטער פון דער מילך־סטאַנציע, ווו יעדער פויער האָט געמוזט צוטראָגן זיינע שטייערן אין דער נאַטור.

נאָדיעזשדאַ האָט מיר דערציילט אין דער נאַכט וועגן די ספּע־ציעלע פאַרלייכטערונגען, וועלכע עס פירט איצט איין די מאַכט. מען האָט אָנגעהויבן עפּענען צערקוועס און דערלויבט אָפּצוריכטן תפילות. מען האָט פאַראָרדנט צו געבן אַ צענטל פון גאַנצן גרעטע־ניש, וואָס איז געבליבן שפּעט אין פעלד, דעם קאָלכאָזניק, פאַר זיין אַרבעט, בתנאי, אַז ניין צענטל זאָל איבערגעגעבן ווערן אין קאָלכאָז. אין דער זעלביקער צייט זענען אָנגעקומען פאַראָרדנונגען, גאָר שטרענגע: תיכף ומיד, ווען עס וועט נאָר פאַלן דער מינדסטער חשד אויף עמעצן, אַז ער איז נישט לאָיאַל, אָדער אַז ער איז אַ פאַר־

באַרגענער קעגנער פון רעזשים, צו פאַרשיקן. וואָס מער פרייהייט און מער „פּריווילעגיעס" דעם קאָלכאָזניק, אַלץ מער קאָנטראָל און מער „בדיטעלנאָסט"...

אין יענע נעכט פון שפּעטן הארבסט, האָט די נ.ק.וו.ד.־געביידע געלויכטן מיט אַלע ליכטער.

אויפן וועג צו דער געעפנטער קירכע, באַלד ביי דער מאָקשאַ, זענען געשטאַנען מיליציאַנערן יעדן זונטיק פאַרטאָג קוקן ווער עס גייט תפילה טאָן. מען האָט פאַרשריבן זייערע נעמען, „כדי צו וויסן און געדענקען".

ווען דער הונגער איז צוגעשטאַנען, זענען די פויערטעס ארויס אויף די פעלדער און פון אונטערן שניי אויסגעגראָבן פאַרפרוירענע קאַרטאָפל. פון דעם קאַרטאָפל־פוילעכץ האָבן זיי אַרויסבאַקומען אַ ביסל קראָכמאַל און געבאַקן דערפון פלעצלעך.

קינדער פון די קאָלכאָזניקעס האָבן גענישטערט אויף די פעלדער זוכנדיק קלאָסעס מיט תבואה־קערנער. עטלעכע טעג האָט מען זיי געלאָזט דאָס טאָן, דערנאָך האָט מען זיי פאַרטריבן. „עס איז קאָל־כאָזנער פאַרמעגן" — האָט געטענהט דער בריגאַדיר. „אַז איר וועט זיך אָנעסן צו דער זעט, וועט איר דערנאָך נישט וועלן גיין ארבעטן אין קאָלכאָז אַריין".

די באַאַמטע פון „פינאָפּטייל" האָבן אָנגעהויבן איינמאָנען די שטייערן אין נאַטור. זיי זענען געקומען צוזאַמען מיטן קאָלכאָזנעם בריגאַדיר פאַרלאַנגען, אַז מען זאָל צושטעלן פאַר דער „אוסאַדבע" אַ פּוד קאַרטאָפל פון יעדער סאָטע, מילך, הונדערט און פופציק אייער און צוויי שעפּסן. דאָס זענען געווען די ביטערסטע טעג פאַר טענגושיי.

איך האָב געזען אַריינקומען עטלעכע „סלוזשאַשטשעס" פון „פינאָטדעל" אין דער כאַטע פון איוואַן פּראַסטאַווילין. זיי האָבן אויפגעבראָכן די טיר פון דעם קליינעם אמבאַר, זיי האָבן געעפנט דעם פּאַדוואַל, זיי האָבן געבישטערט אין יעדן ווינקל און צוגענומען דעם אלטנס שובע, די זונטיקדיקע קאָפּטיכלעך פון מאַריאַ פּעריפּע־ראָוונאַ. זיי האָבן געוואָלט אַוועקנעמען דעם קופּערנעם סאַמאָוואַר.

אלץ איז שוין געלעגן אָנגעגרייט אין אַ קופּע, אויף דער פּאָדלאָגע.

איך בין געזעסן אַ פֿאַרשטיינערטער אין טשולאַן. דער באַאַמטער פֿון „פּינאַטדיעל" האָט פֿון גאָרנישט געוואָלט וויסן: אָדער די שטייערן אין נאַטור, אָדער די זאַכן! מיטאַמאָל האָט זיך ברייט צעעפֿנט די טיר. איך האָב דערהערט טריט אויפֿן גאַניק, טריט פֿון צענדליקער מענטשן. עס זענען געקומען די קומעס און יעדע איינע האָט איילִיק צעוויקלט אַ קלומעקל און פֿון דאָרט אַרויסגענומען אַ פֿונט פֿלייש, עטלעכע אייער, טייל האָבן געבראַכט צו זעקעלעך קאָרן, אפשר פֿון אַ צוויי דריי פֿונט. דער טיש און די בענק, ביי די זייטן פֿון די ווענט, זענען מיט איין מאָל פֿול געוואָרן מיט אָנגעטראָגענע פּראָדוקטן.

אַזוי שווייגנדיק ווי די פֿויערטעס זענען געקומען, אַזוי שווייגנדיק זענען זיי אַוועק. איך האָב אָבער אויפֿגענומען זייער פֿאַרבאָרגענעם געקרעכץ. די שטילקייט האָט געבריט אַזוי ווי מען וואָלט באַרירט דעם גוף מיט קראָפּעווע. זי האָט זיך אַריבערגעטראָגן אויסער די ווענט פֿון איוואַן פּראָסטאַווילינס כאַטע און עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז גאַנץ טענגושיי שווייגט מיט אַ צאָרנדיק שווייגן.

די פֿאַרשוינען זענען אַוועק, אַריינלייגנדיק פֿריער די אַלע פּראָדוקטן, וועלכע די שכנים האָבן אָנגעטראָגן, אין זעק.

איך בין ארויס פֿון טשולאַן, אַ קוק געטאָן אויף איוואַן פּראָסטאַווילינען און מאַריאַ פּעריפּעראָוונאַ, געקוקט אויף די שובעס, אויף דעם סאַמאָוואַר, אויף די דעקן פֿון בעט, וועלכע זענען געלעגן אויף דער צעטראָטענער פּאָדלאָגע און בין אַ שווייגנדיקער אַוועק וואַנדערן איבער די פֿעלדער ארום דער מאָקשאַ. איך האָב שוין געוווּסט, אַז די שטייערן אין נאַטור ווערן איבערגעגעבן דעם „זאַקריטי מאַגאַזין" און אין די פֿאַרנאַכטן, ביי פֿאַרמאַכטע טירן, ווערן זיי צעטיילט פֿאַר די הויכע באַאַמטע, פֿאַר די פּאַרטיי־פֿונקציאָנאַרן. פֿאַר די אַלע פֿון נ.ק.וו.ד. אַ טייל ווערט דערנאָך איבערגעשיקט אין אָבלאַסטנע צענטער.

אַ פּאַספּאָרישער בלאַ האָט געלויכטן פֿון די פּראָסטיק־אָנגעפּעלצטע שייבלעך, נאַדיעזשדאַ איז שוין נישט געווען אין שטוב.

פון אויוון האָט זיך געטראָגן אַ היימישע וואַרעמקייט. איך האָב געהערט דעם געקנאַק פון קין און געזען ווי אַ פייער־אַפשיין פון ברענענדיקן אויוון וויגט זיך אויף דער פּאָדלאָגע. איך בין אַראָפּ פון געלעגער, אָנגעהאָנגען אויף די אַקסל דעם מאַנטל און גענומען אָפּהויכן אַ ווינקל פון דעם פאַרפרוירענעם שייבל. איך האָב דערזען די פאַרשנייטע גאַס: שמאָלע פּיאַלעטענע טריט־אָפּדרוקן אין שניי און נישט ווייט פון דעם ברונעם עטלעכע באַשקירערינס מיט קראָ־מיסלעס אויף די אַקסל. איך האָב דערקענט צווישן זיי נאַדיעזשדאַן. ווי אַנדערש זי איז איצט? עס איז מער נישט די מאַסקוועריז, וועלכע איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערזען אין יענעם פאַרנאַכט אין טענגושיי. אַ קורצע שעפּסענע האַלב־שובע, אַ קאַליריקן מאָרד־ווינישן סאַראַפאַן מיט פאַלבן, ווייסע וואַלינקעס און קאַלאָשן אויף זיי. אויפן קאָפּ אַ קאַליריקער וואַלענער טוך מיט פראַנדזן און דאָס פּנים פריש, מיט שניי־פּלאַטערלעך אויף די שוואַרצע לאַנגע ברעמען.

די פּויערטעס האָבן איינע דער אַנדערער געהאָלפן אַרויפציען די פולע עמערס פון דעם ברונעם.

דאָס פאַרטאָגיקע ליכט איז געווען באַגילדעט פון דער זון און האָט אַרויסגעלויכטן פון יעדן שנייעלע, פון יעדן צווייגל, פון די פאַרשנייטע שטאָמען. ביי דעם קרילעץ האָבן עטלעכע יונגע פּויער־טעס אָפּגעשטעלט זיך און פאַנאַנדערגעשמועסט. איך האָב געקוקט ווי אַזוי די עמער וויגן זיך אויף דער בייגעוודיקער קראָמיסלע, וועלכע ליגט אויף איין אַקסל און ווי זיי האַלטן איין מיטביידע הענט דעם גלייכגעוויכט פון די צוויי פולע עמערס.

די באַשקירערינס האָבן אַרומגערינגלט נאַדיעזשדאַן און לוסטיק גערעדט.

— טשאַי, נאַדיעזשדאַ, האָסטו נישט פאַרגעסן ווי אַזוי צו טראָגן וואַסער אויף אַ קראָמיסלע?...

— טשאַי, האָסטו אַ גאַסט אין הויז? כאַ־כאַ־כאַ.

איך האָב געוווּסט, אַז די באַשקירערינס און טענגושייערינס הייבן אָן זייערע געשפּרעכן מיט עפּעס אַ וואָרט, וואָס קלינגט ווי „טשאַי" און האָב ליב באַקומען זייערע רייד, ווייל זיי האָבן געהאַט אַ ניגון

און די זילבן האָבן זיך אויסגעצויגן ניגונדיק ביז עס איז איבער־געגאַנגען אין אַ לאַנג־צעצויגענעם „אוי", ווי דער לאַנגער שאָטן פון טאָפּאָליעס אין פאַרנאַכטן, וואָס פאַרגייט צוזאַמען מיטן טאָג. דאָס געלעכטער זייערס האָט זיך לוסטיק צעשאָטן ווי דאָס פייגל־טרילערײַ אין ווילדע קוסטאַרניקעס.

און כאָטש עס איז געווען אַ פּראָסטיקער ווינטער פאַרטאָג, האָט דאָס פּלוצעמדיקע געלעכטער, וואָס איז דערגאַנגען צו מיר, דערמאָנט אין די קוסטעס, ווו עס לויכטן איבערגערײַפטע מאַלינעס.

— טשאַי, נאַדיעזש... ביסט נישט קיין דוראַ...

— די מוזשיצקע פּאַראָדע ברענגט מען אום... מײַנער איז שוין לאַנג אויפן פראָנט... עך, מאַטיושקי...

— דו באַגלייטסט אים, נאַדינקאַ? — האָט אײַנע זיך געפרעגט.

— פאַרוואָס האָסטו ערשט, פאַרן אָוועקגיין, אים געבראַכט? ניעכאַי וואָלט איר זיך ביידע דערפרייט אין די נעכטלעך נאָך מיט חדשים צוריק?...

— האָסט אָוודאי, נאַדיעזשדאַ, אַלץ געהאָפט אויף דײַן מוזשיק? פאַרגעס אים! דער איז בעסער, יונגער... כאַ־כאַ...

נאַדיעזשדאַ האָט מיטגעלאַכט. עס איז אָבער געווען אַ שעמעוו־דיק לאַכן, ווי פון העפלעכקייט פאַר די פּויערטעס.

— דו ביסט היינט אײַנע אין דאָרף בײַנאַכט געשלאָפן מיט אַ מוזשיק... אַלע מענער זענען אויפן פראָנט... געבליבן זענען דאָ נאָר זקנים און קאַליקעס... כאַ־כאַ־כאַ...

די פולע עמערס האָבן זיך געוויגט פון געלעכטער און פאַרגאָסן טראָפּנס וואַסער. זיי האָבן זיך געשנירלט אויפן שניי, צוערשט ראַז, דערנאָך בלאָ און צום סוף זענען זיי פאַרגאַנגען.

איך האָב געקוקט אויף די באַשקירערינס, געזען אין דעם פאַרטאָג די פולע פּנימער, די לויכטנדיקע שטערנס, די אָנגעצונדענע בליקן און די הייסע פּאַרע, וואָס האָט געשלאָגן פון זייערע מײַלער, פון די פּייכטע ליפּן, פולע, זינלעכע און געהידושט זיך, וואָרעם איך האָב געוווּסט, אַז זיי זענען תמיד הונגעריק, אַז זיי עסן פּיצלעך ברויט

געבאַקן מיט לעביעדא־שטויב, מיט קאַרטאָפל, אַז זיי אַרבעטן שווער אין קאָלכאָז און אַז יעדע עטלעכע טעג גייען זיי אַוועק אין וואַלד אַריין און שלעפּן אויף זיך שווערע בינטן האָלץ, דורכמאכנדיק דערביי צו פוס צוואנציק וויאָרסט.

פול מיט רעטעניש איז אין דעם פאַרטאָג געווען פאַר מיר די רוסישע פרוי.

# קאַפּיטל צען

בעת איך בין געשטאַנען אין די פרעמדע ווינטער־קליידער מיטן פּנים צו דער ברייטער באַשקירישער גאַס, האָב איך דערשפּירט ווי עמעצער כאַפּט מיך אַרום. איך האָב דערהערט גענאַדיס פריידיקן רוף: פּאַפּ, פּאַפּ, ביסט צוריקגעקומען!... נאַדיעזשדאַס ייִנגעלע האָט זיך מיטאַמאָל אַ צי געטאָן צו מיר און ווען איך האָב זיך אויסגעקע־רעוועט מיטן פּנים צו אים, האָט דאָס קינד אָנגעהויבן צו שעפּטשען שטילע רייד און איז האַסטיק אַנטלאָפן צום טשולאַן.

איך בין אים אַ ווײַלע נאָכגעגאַנגען ביז צום פּאָרהאַנג, און אַז כ׳האָב דערזען ווי אַזוי ער פּאַרדעקט זיך דאָס פּנים מיט דער קאָלדרע און דערהערט אַ שטיל געכליפּ, בין איך געבליבן שטיין.

די וואַרעמע מלבושים זענען געוואָרן שווער אויף מיר און נאָך פרעמדער ווי פריער. נאַדיעזשדאַ האָט זיך צוגעקוקט צו דעם, וואָס האָט פּאַסירט און נישט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פון מיר און נישט פון גענאַדי. אונדזערע בליקן האָבן זיך צונויפגעטראָפן. איך האָב געזען, אַז זי פאַרשט יעדן ריר מײַנעם. איך האָב געמאַכט אַ טריט צו גענאַדין און אים אַ גלעט געטאָן איבערן קעפּל. דאָס ייִנגל האָט זיך אָפּגערוקט פון מיר און נאָך טיפער אײַנגעגראָבן דעם קאָפּ אין דער קאָלדרע. איך האָב דערקענט, לויט זײַנע באַוועגונגען, אַז ער פאַראַכט מיך, אַז ער וויל מיך מער נישט זען. ערשט נעכטן האָט ער זיך מיט מיר געשפּילט און פאַרנאַכט האָט ער מיר געוויזן זײַנע צייכנונגען, דערציילט וועגן דער שול, וועגן די חברים אין מאָסקווע און פּלוצעם אַזאַ שׂינאה.

דער טונקל־גרויער טולופּ, וועלכן איך האָב געטראָגן מיט דעם

פוטערנעם הוט, האָט אים דערמאָנט אין זיין טאַטן. ער האָט געמיינט, אַז דער פאָטער האָט זיך באַוויזן אין דער כאַטע.

— זון מיינער — האָט געזאָגט נאַדיעזשדאַ. זי איז צוגעגאַנגען צום זון, איבערגעבויגן זיך איבער אים און הויך גערעדט: — גענאַדי, דו ביסט אַ דערוואַקסענער, דו פאַרשטייסט דאָך אַלץ אַזוי גוט. זיי נישט בייז אויף מיכאַילן, ער איז גוט צו דיר, ער האָט דיך ליב. דיין פאָטער האָט דיך איבערגעלאָזן. ער איז אַוועק פון דיר. ער האָט אונדז פאַרלאָזן און וועט שוין קיין מאָל נישט צוריקקומען.

— מיכאַיל וועט דיך אויך פאַרלאָזן... ער גייט דאָך אַוועק... אַלע דיאַדינקעס גייען אַוועק...

— מיכאַיל גייט אין דער אַרמיי אַריין. אַלע מוזשיקעס ווערן מאָביליזירט און גייען אַוועק... דיין פאָטער איז אָבער אַוועק נישט אין דער אַרמיי אַריין. ער איז אַוועק פון מיר צו אַן אַנדער פרוי... ער וויל מער נישט וויסן פון אונדז. איך נאַר דיך נישט, גענאַדי! זע וואָס ער שרייבט... אָטאָ איז זיין לעצטער בריוו צו מיר...

„וואָס דו זאָלסט טאָן מיט דיין זון גענאַדי? זאָל ער ווערן אַ קאָלכאָזניק! זאָל ער ווערן אַ פויער! בילדונג? צו וואָס? זענען דען די געבילדעטע אין אונדזער לאַנד גליקלעך?״ לייען דאָס. דו קענסט שוין לייענען...

איך בין אַרויס אויפן גאַנעק. דער פאַרטאָג איז געווען אַ פראָס־טיקער, אַ זוניקער. דער רויך פון די קוימענס האָט זיך געוויקלט הויך און איז לאַנג נישט צעשוווּמען געוואָרן אין דעם טיפן בלאָ פון הימל. עטלעכע פויערטעס, אין שעפּסענע פעלצן, איינגעשפּאַנטע אין שליטנס, מיט טונקעלע קאַפּטיכער, מיט דיקע הענטשקעס, זענען געגאַנגען צו דעם אָווראַג. אַ שליטן, נידעריק מיטן געזעס ממש ביז דעם שניי, געשפּאַנט אין אַ קאַרן פערד, איז שנעל דורכגעלאָפן. דער שליטן האָט זיך געגליטשט נישט מיט דעם פאַרנט, נאָר זייטיק, מיטשאַרנדיק הויפנס שניי. עטלעכע מאָביליזירטע קאָלכאָזניקעס זענען געגאַנגען דורך דער גאַנצער ברייט פון דער גאַס מיט אַנגע־

האַנגעגנע גרויע טאַרבעס אויף די רוקנס. אַ האַרמאַניסט האָט גע־שפּילט טשאַסטושקעס. צוויי פּויערטעס, אָנגעפּעלצטע, אין שובעס אויסגעהאַפּטענע מיט גרינע און רויטע אויזערן, האָבן געזונגען.

איך בין אַריין אין דער כאַטע און געטראָפן דעם טיש אַ געדעקטן מיט אַ טישטוך און אויבן־אָן, נאַדיעזשדאַס פאָטער. ער איז געזעסן אַ פאַרכמורעטער און געקעמט מיט די פינגער די סיווע באָרד. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען גענאַדי און אויסגעמיטן מיין בליק.

— מיכאַיל, וועסט זיך איצט גוט באַקענען מיט די רוסישע רחבותן... אָטאָ די אומענדלעכע... די, וואָס געבן כוח און אויסדויער... כאַ־כאַ־כאַ... עס איז שיינע פּאָעזיע... די וואָר איז גאָר אַן אַנדערע...

מיר האָבן געגעסן שווייגנדיק די פּאָכלעבקע פון קרויט, אַ פאַר־בראָקטע מיט פּיצלעך פלייש. איך האָב געבראָכן שטיקלעך ברויט, געטונקט זיי, לויטן דאָרפישן שטייגער, אין זאַלץ, און זיי לאַנג גע־קייט, וועלנדיק דערפילן ביזן סוף אַלע טעמען פון דער „מאַטושקאַ כלעב״.

איך האָב געוווּסט, אַז דער אַלטער וויל ריידן. איך האָב דאָס דערקענט לויט דעם אומגעדולד, מיט וועלכן ער האָט געזופּט זיין שטשי.

— מיכאַיל, מיר וועלן פאַרענדיקן דאָס נעכטיקע פלעשל וואָד־קאַ? — האָט געפרעגט דער זקן.

— לאַדנאָ — האָב איך געזאָגט. — עס וועט נישט שאַדענען... פאַרן פראָסט איז עס גוט...

מיינע רייד האָבן זיך שווער געלייגט אויף דער צונג. איך האָב נישט געהאַט געגנוג מוט אָפּצוזאָגן זיך פון די וואַרעמע מלבושים, וועלכע נאַדיעזשדאַ האָט מיר אין דער פרי געגעבן אָנצוטאָן. דאָס האָט צעשטערט די פריינדשאַפט מיט גענאַדי אויף תמיד און דאָס האָט אויך אוודאי אומרויק געמאַכט נאַדיעזשדאַן. איך האָב געוווּסט, אַז דאָס זענען מלבושים פון איר מאַן און עס מוז זיין פיינלעך פאַר איר, וואָרעם זיי דערמאַנען איר אין דעם, וואָס האָט זי פאַרלאָזן.

איך האָב מיט איין ראַזמאַך אויסגעטרונקען אַ פול גלאָז בראָנפן

און אונטערגעשטעלט דאָס גלאָז אויף נאָך. דער אַלטער האָט אַ שמייכל געטאָן.

— קיין טרינקער ביסטו נישט... מען זעט עס ווי אַזוי דו מאַכסט דאָס... האָסט דען אַ הנאה פון אַזאַ שנעל זויפן? אַ רוסישער מוזשיק טרינקט געלאַסענער און האָט הנאה. איך האָב געזען ווי אייערע פּאָליאַקן טרינקען. זיי ווערן דערנאָך פול מיט גאווה און זי שפּרינגט אַרויס פון זיי מיט אַ טראַגי־קאָמישן כעס. אַ שיכורער רוס וויל זיך מיט אַלעמען קושן, אַ שיכורער פּאָליאַק וויל זיך מיט אַלעמען קריגן... כאַ־כאַ־כאַ...

נאַדיעזשדאַ האָט גוטמוטיק געשמייכלט צו מיר.

— מיין פאָטער האָט נישט ליב קיין פּאָליאַקן. עס איז אַן אַלטע מעשה...

וולאַדימיר יאַקאָוולעוויטש האָט אויסגעטרונקען צוויי פולע גלעזער בראָנפן. די פאַרכמורעטקייט איז מיט איין מאָל פאַרשווונדן. ער איז געוואָרן אויפגעלייגט און געקלאַפּט מיר איבער דער פּלייצע.

— זאָל זיך מיין נאַדיעזשדאַ פאַנאַנדערקלייבן, אויב דו ביסט אַ פּאָליאַק אָדער נישט קיין פּאָליאַק. דעם אמת געזאָגט געפעלסטו מיר...

דער אַלטער איז שוין געווען שיכור. זיינע אויגן זענען געווען איבערגעפולט און אַ רויטקייט האָט זיך צעשפּילט אויף די הויכע, קאַנטיקע קינבאַקן.

נאַדיעזשדאַ איז אַרויס אין הויף און צוגעגרייט אַ קליין שליטעלע פאַר מיין רוקזאַק. עס איז דריי ווירסט ביז דעם זאַמל־אָרט אין טענגושיי ביים סעלסקי סאָוועט.

מיטאַמאָל האָט זיך דער אַלטער צעזונגען, צוערשט שטיל, אומזיכער און דערנאָך העכער. ער האָט אַקצענטירט די ווערטער קלאָר, שאַרף, אַזוי ווי עס טוען דאָס אָפּט אַנגעטרונקענע.

איך האָב זיך איינגעהערט אין יעדן וואָרט. נאַדיעזשדאַ איז געבליבן שטיין ביי דער שוועל מיט אַ קענטיקער צופרידנקייט, וואָס איר פאָטער איז מער נישט שווייגנדיק מיט מיר, מער נישט פאַר־

וואַלקנט און, אַז ער דערציילט מיר נישט וועגן זיינע שלעכטע דערפאַרונגען מיט די פּאַליאַקן, נאָר דער פאָטער זינגט.

נאַדיעזשדאַס פּנים האָט זיך געלייטערט זייט דעם געשפּרעך מיט גענאַדי. אפילו דער זון איז געוואָרן מער צוגעלאָזענער און פון צייט צו צייט, ווי נישט ווילנדיק, האָבן זיך אונדזערע בליקן צונויפגעטראָפן און מיר האָבן זיי בײדע מער נישט אָפּגעקערט. עס איז שוין אָבער נישט געווען אין זיין בליק אַ כעס, נאָר אַ פאַרשעמונג; גענאַדי האָט זיך געשעמט הלמאי ער איז נישט געווען גוט מיט מיר און איך — דערפאַר, וואָס איך האָב אים אָנטוישט בעת ער האָט אין דער פרי, נאָך דעם ווי ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף, טועה געווען, מיינענדיק, אַז דער מענטש, וואָס שטייט אין פאָטערס ווינטער־קליידער ביים פענצטער, איז דער פאָטער, וואָס איז צוריקגעקומען צו אים.

וולאַדימיר יאַקאָוולעוויטש האָט איצט געזונגען גלייכמעסיק, מאָנאָטאָן, אָבער מיט אַן אָנגענעם קול.

מיט וואָס איז אונדזער ערדעלע צעאַקערט?
נישט מיט סאָכעס איז אונדזער סלאַווונע ערד צעאַקערט,
נישט מיט אַקערס —
צעאַקערט איז אונדזער ערדעלע מיט פערדישע קאָפּיטעס;
פאַרזייט איז אונדזער סלאַווונע ערד מיט קעפּ אומשולדיקע...
מיט וואָס איז דען די סלאַווונע וואָלגע באַצירט?
באַצירט איז אונדזער סלאַווונע וואָלגע מיט יונגע אַלמנות.
מיט וואָס ליכטיקט אונדזער ברייטע וואָלגע?
דאָס ברייטע וואָלגע־לאַנד ליכטיקט מיט יתומעלעך.
מיט וואָס זענען פול די וועלן פון אונדזערע טייכן גראָמע?
פול זענען די וועלן מיט טרערן פון טאַטע־מאַמע...

איך האָב מיטגעזונגען דאָס ליד און כאָטש מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך זינג שטיל אָזש מען הערט נישט קיין וואָרט, האָט מיר נאַדיעזשדאַ עטלעכע מאָל איבערגעריסן: שטילער, מיכאַיל... שטילער מישאַ...

וולאַדימיר יאַקאָוולעוויטש האָט אַ רוק געטאָן דאָס גלאָז פון טיש און זיך אויפגעשטעלט.

— טשעוואָ, נאַדיאַ! זאָל ער זיך דערפרייען מיט אַ ליד... מען

מעג... דאָס איז אַן אַלט געזאַנג, פּאַרפּאַסט מיט הונדערטער יאָרן צוריק... פאַרוואָס טאָר מען נישט? מען מעג! וולאַדימיר יאַקאָוו־לעוויטש מעג און מיכאַיל מעג! דאַוואַי, צוזאַמען, נאָך אַ מאָל:

מיט וואָס איז אונדזער ערד צעאַקערט?...

— נישט מיט סאָכעס איז אונדזער סלאַווּנע ערד צעאַקערט, נישט מיט אַקערס... — האָב איך הויך געענטפערט מיט דעם זעלביקן ניגון, וועלכן איך האָב געהערט פון נאַדיעזשדאַס פאָטער.

אומגעריכט איז דער אַלטער צוגעגאַנגען צו מיר גאָר נאָענט, צעשפּרייט די אָרעמס און מיך אַרומגענומען. ער האָט מיך געקושט, איך האָב געשפּירט זיין באָרד, געפילט זיינע טרערן.

אויך איך האָב געוויינט, ווען איך בין אָוועק פון שטוב. בלויז דער קליינער גענאַדי איז געשטאַנען ביים טונקעלן פאָרהאַנג פון טשולאַן און געקוקט אויף מיר ווי ער וואָלט מיך נישט געזען. ער האָט מיר, נאָך לאַנגע בעטענישן פון דער מוטער, דערלאַנגט דאָס הענטעלע און גיך עס אַרויסגעכאַפּט פון מיין האַנט.

נאַדיעזשדאַ האָט מיך באַגלייט. ווי נאָר מיר זענען אַרויס פון הויף מיט דעם שליטל און דערגרייכט דעם אויסגעטראָטענעם וועג פון דער פאַרשנייטער גאַס, האָב איך דערזען פאַטימאַ שאַריפינאָן. לעבן איר איז געגאַנגען דער פאַרוואַלטער פון דער שול, דער מאָרד־ווינער.

איך בין געבליבן שטיין. אויך נאַדיעזשדאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט.

פאַטימאַ איז נאָענט צוגעקומען צו מיר. דער מאָרדווינער האָט שיקלדיק אַ בליק געטאָן אויף נאַדיעזשדאַן און דערנאָך אויף מיר.

— דו האָסט געגעכטיקט אין איר כאַטע — האָט זי געזאָגט, טייטלנדיק אויף נאַדיעזשדאַן — און ער האָט גענעכטיקט אין מיין כאַטע... וואָט׳ איצט איז אַלץ אויסגעגליכן געוואָרן... איך וועל נישט פאַרשיקט ווערן צו די ווייסע בערן און דו וועסט אַוועקגיין אויפן פראָנט אין וואַרעמע קליידער... דאָס איז געווען דער אידעאַלסטער אויסוועג... נישט אמת, טערענטי? — האָט זי געפרעגט דעם שול־

פּאַרוואַלטער. — כאַ־כאַ־כאַ... נו, מישאַ, בלייב געזונט... זיי מיר מוחל די פּלוידעריי...

דער שול־פּאַרוואַלטער האָט מיר אויסגעשטרעקט די פינגער־שפּיצן און ביידע זענען אייליק אַוועק.

נאַדיעזשדאַ איז געגאַנגען פּאַרויס און געשוויגן. זי האָט זיך גאָר־נישט איבערגעפרעגט. איך האָב געוווּסט, אַז זי קען פּאַטימאַן און אַז עס איז איר גוט באַקאַנט מיין פריינדשאַפט מיט דער טאַטערישער לערערין, וועלכע איז אומגעריכט איבערגעריסן געוואָרן נאָך יענער פּאַרזאַמלונג, בעת דער שול־פּאַרוואַלטער, טערענטיעוו, האָט זי שאַנטאַזשירט מיט דער הילף פון דער נ.ק.וו.ד.

דער שניי האָט געשפּילט מיט אַלע טענער פון זילבער און קופּער. אפילו די פּאָספאַר־פיאָלעטענע שאָטנס האָבן געלויכטן. די וואַלד־ווייטן האָבן געלי־כטיקט מיט אַ נעפּל־בלאָ. די טאָלן האָבן איינגע־זאַמלט דאָס ליכט פון די הימלען, און עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ווען נישט די בלאָע וואַלד־פּאַסן וואָלט ניט געווען קיין מחיצה פון די פאַרשנייטע פעלדער מיט די הימל־הויכקייטן.

מיר זענען געגאַנגען באַרג־אַרויף און דערנענטערט זיך צום סוף פון דער דאָרפישער גאַס.

פון ביידע זייטן האָבן געדרימלט פאַרשנייטע הייזער. זיי זענען נאָך דער נאַכט געוואָרן פאַר מיר אַזוי היימיש אַזש איך האָב אָפּ־געפילט דעם צער פון אַוועקגיין אין דער אומבאַקאַנטער אויסגע־פּרוּוירענער שניי־ווייטעניש מערער ווי פריער.

ביים סאַמע סוף פון דאָרף האָבן מיר זיך פאַרהאַלטן. נאַדיעזשדאַ האָט געשוויגן. זעט אויס, אַז די רייד פון פּאַטימאַ האָבן איר ווײ געטאָן.

איך האָב געוואָרפן אַ לעצטן בליק אויף צוריק, געזוכט דאָס הויז פון וולאַדימיר יאַקאָוולעוויטש, ווו איך האָב גענעכטיקט, געקוקט אויף די אויסגעטראָטענע שטעגלעך אין שניי, אויף די אָרעמע ווער־בעס ביי די איינגעפאַלענע פּלויטן. מיין בליק האָט אָנגעהויבן צו

בלאַנדזשען, ווייט־ווייט, איבער די שניי־פּלאַכן, איבער די פּאַשע־פעלדער, העט ביז די ווינט־מילן אויף דער מאַקשאַ־הויכקייט, ביז די דערפלעך, וועלכע האָבן זיך קוים אָנגעזען אין די נידערונגען, אויף די האָריזאָנטן, וואָרעם דאָס שניי־ליכט און דער שפּיל פון קאָלירן האָט זיי געמאַכט ווי אַ טייל פון גאָטס פאַרשנייטער און פּראַסטיק־צעשפּילטער לאַנדשאַפט.

בלויז די דערנער, די סטערטשנדיקע, פאַרקראַמפּטע צווייגן, אויף וועלכע עס האָט זיך נישט געהאַלטן דער שניי, האָבן געטונקלט אין דער ווייסער וועלט מיט עפּעס אַ טראַציקייט און להכעיס. זיי זענען אָבער געווען פאַר מיין אויג אַן אָנהאַלט אין דער אומענדלעכקייט, וואָרעם די ווייסקייט האָט נישט געהאַט קיין אָנהייב און קיין סוף. איך האָב באַוווּנדערט ווי סימעטריש עס זענען פאַנאַנדערגעשפּרייט די טונקעלע צווייגן און ריטלעך אין דער ווייט, אַזוי ווי אַ האַנט פון אַ מייסטער וואָלט מיט דער הילף פון די ליניעס און שטריכן, מיט דעם צייכן פון גרוי און זילבער, שוואַרץ און טונקל־ברוין, געוואָלט אויפלעבן דעם ווינטער־פּייזאַזש און אים געבן טיפקייט און בולטער מאַכן דעם פאַרבן־שפּיל פון שנייִיקן פאַרטאָג.

פון דער באַשקירישער הויכקייט האָט מען איצט גוט אָנגעזען די דריי ווינטמילן. זייערע פליגלען זענען געווען פאַרדעקט מיט שניי. די וועגן צו זיי — פאַרשאָטן. עפּעס אַ טונקעלער פלעק האָט זיך שאַרף אויסגעטיילט — דאָס זענען די צוויי טראַקטאָר־סקעלעטן.

איך האָב זיך אויף אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט און געקוקט צו די ווינטמילן, געזוכט מיט מיין בליק די טויבן, וועלכע פלעגן אַזוי אָפט פלאַטערן איבער די מיל־פליגל.

מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט מיטן טאָל. דאָס שליטל איז אונדז פאַרויסגעלאָפן. איך האָב עס איינגעהאַלטן און געצוימט מיינע טריט.

— נאַדיעזשדאַ — האָב איך זיך אָנגערופן — איך וועל דיר אָפט שרייבן. ווי נאָר איך וועל אָנקומען אין פאַרטיילונגס־פונקט פון מיין אָפּטיילונג, וועל איך צוריקשיקן די וואַרעמע קליידער. זיי זענען מיר שווער. איך וועל זיי מער נישט דאַרפן און אייך קענען זיי נוצן...

איך האָב באַדויערט הלמאי איך האָב געזאָגט דאָס, וואָס עס איז געווען איבעריק. איך האָב אָבער נישט געפונען קיין אַנדערע ווערטער כדי איבערצורייסן איר שטילקייט.

נאַדיעזשדאַ האָט מיך לאַנג אַנגעקוקט. עס איז מיר אויסגעקומען, אַז ערשט איצט זע איך זי אויף אַן אמת און, אַז דאָס איז אַן אַנדער נאַדיעזשדאַ. איך האָב זיך געוווּנדערט הלמאי איך האָב דאָס נישט געזען ביז איצט. די פריערדיקע נאַדיעזשדאַ איז ווי פאַרשוווּנדן, געוואָרן אַ טייל פון מיינע זכרונות. איצט זע איך אַן אַנדערע.

זי האָט זיך פּלוצים אויסגעקערעוועט צו מיר און געבליבן שטיין.

אין איר קול איז געווען אי רויִקייט און אי שטרענגקייט.

— איך פרעג דיר נישט אויב דו וועסט צוריקקומען, אָדער דו וועסט מיר שרייבן. איך האָב געוואָלט טאָן עפּעס פאַר דיר און פאַר זיך. רייד נישט וועגן די קליידער. גיב זיי אַוועק, טויש זיי איין פאַר עסן, אויב דו וועסט זיי נישט דאַרפן. היט זיך, מיכאַיל, מישאַ. דו גייסט אַוועק מיט אַ געפיל פון דערלייכטערונג. איך ווייס דאָס. דו ווילסט אַנטרינען פון דעם פּחד, פון דער שרעק און אויך פון ליבשאַפט. זאָג מיר נישט ניין. נאָך די ערשטע וויאָרסטן, וואָס איר וועט מאַכן היינט צו־פוס, וועט אייך אַלעמען אַרומנעמען אַ בענקשאַפט און איר וועט שלינגען די טרערן, אומבאַמערקטערהייט. דערנאָך, ווען איר וועט מער נישט אַנזען דעם רויך פון היימישן דאָרף, וועט איר ווערן אַנדערש. אייער לשון וועט ווערן אויפגעבונדן. איר וועט פּלוידערן, איר וועט ריידן גראָבע רייד, איר וועט זיך דערפילן פריי... איך קען דאָס געפיל. מען טרעפט עס אויך ביי פאַרשיקטע. אויפן וועג צו דער פאַרשיקונג, נאָכן אָפּעסן דעם ערשטן ביסן ברויט, מאַכט איר שלום מיט דעם גורל און איר הייבט זיך אָן פילן פריי... פריי פון דער אַרבעט, פון דער שרעק, פון די נאָענטע און פון זייערע טרערן. די רגע פון דער פרייהייט וועט פאַרגיין און די געפאַנגענשאַפט לייגט זיך נאָך שווערער ווי פריער. היט זיך, מישאַ. יעדעס וואָרט, וואָס וועסט אַרויסזאָגן, וועג און מעסט איבער... יעדער דריי־

טער איז געצווונגען צו געבן אינפאָרמאַציעס אין „ספּעצאָפּטייל". עס איז פאַראַן אַן אָנווייזונג, באַזונדערס איצט, צו קאָנטראָלירן אַלע, וועלכע טראָגן נישט־רוסישע נעמען. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מיינס אַ באַקאַנטער פון טענגושיי מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל צוריק־קערן זיך צו מיין רוסישן פאַמיליע־נאָמען. ווער קען וויסן וועגן דעם מאָרגן? זאָג מיר גאָרנישט צו, מיכאַיל.

זי איז געווען שיין אין דעם פאָרטאָג, אַזוי שיין און לאָקנדיק־אומבאַקאַנט, ווי די זוניקע שניי־לאַנדשאַפט פון אומבאַקאַנטן ראַסיי.

# קאַפּיטל עלף

פון דעם באַשקירישן טאָל האָבן מיר פאַרקערעוועט צו די פּאַשע־פעלדער, דאָרט ווו די מאַקשאַ האָט אין האַרבסט פאַרפּלייצט די לאַנקעס אויף צענדליקער קילאָמעטער. דער שניי־פּלאַך איז געווען אויף טייל ערטער געוועלבט און דאָס שליטל האָט זיך געגליטשט אַפּטמאָל איבער איינגעטראָטענע שניי־שטעגלעך און אַפּטמאָל איבער אַ טונקל־בלאָ אייז דורך וועלכן מען האָט דורכגעזען די ברוין־געשלענגלטע גראָזן און נידעריקע קוסטעס.

בעת מיר האָבן דערגרייכט די קאַלכאָזנע קרויט־גערטנער, האָב איך אַ בליק געטאָן אויף דעם דאָרף טענגושיי און דערזען אַז די קוימענס רויכערן זיך נאָך. הייסט דאָס אַז עס איז נאָך פרי. די היל־צערנע בריק איז צענומען געוואָרן נאָך אין אָנהייב האַרבסט. מיר זענען אַריבער דעם פאַרפרוירענעם טייך און באַגעגנט די ערשטע שליטנס מיט מאָביליזירטע.

נאַדיעזשדאַ האָט געשוויגן. זי האָט געוואַרט אויף מיינע רייד און איך האָב זיי אויסגעמיטן. פאַר וואָס? אפשר דערפאַר ווייל איך האָב נישט געוואָלט, אַז עס זאָלן בלייבן נאָך מיר אין איר זכרון די שאָטנס וועלכע זענען מיך באַפאַלן פון אירע מאָסקווער נעכט? אפשר דערפאַר ווייל מיינע רייד וואָלטן נישט געווען מער ווי דאַנק־באַרקייט, ווי הכנעה?

וויפל איך האָב נאָר נישט באַוווּנדערט איר אָפן פּנים, פול מיט ליבשאַפט און וואַרעמקייט, האָט מיר דאָך איר בליק, דער טיפער דורכדרינגענדיקער, געמאַכט אומרויִק. איך האָב בשום אופן נישט באַנומען נאַדיעזשדאַס באַציִונג צו מיר. פאַרוואָס? האָב איך זיך

געפרעגט. פֿאַרוואָס איר פּלוצעמדיקע דערנענטערונג צו מיר און די ליבשאַפֿט ?

פֿאַרן אַריינפֿאָר אין טענגושיי האָב איך דערפֿילט, אַז איך קען מער נישט שווייגן. איך האָב זיך אָפּגעשטעלט און נאָך אַ מאָל אַרומ־גענומען די גאַנצע געגנט מיט מיין בליק. איך בין איצט געשטאַנען אויף דער סאָמער העכסטער הויכקייט פֿון מאָקשאַ־ברעג. אַ פּופּציק מעטער פֿון אונדז האָבן זיך שוין אָנגעהויבן די ערשטע דאָרפֿישע זאַגראָדעס.

ווי לאַנג בין איך געשטאַנען אַזאַ שווייגנדיקער ?

כ׳האָב געהערט אַ פֿערד־טופּעריי, אַ געקלאַנג פֿון שליטנס, אַ רופֿן פֿון מאָביליזירטע, האַרמאָשקע־טענער.

נאַדיעזשדאַ איז געשטאַנען לעבן מיר אַ שטילע און אַ דער־וואַרטנדיקע.

— שיין איז רוסלאַנד. אַ רחבות אָן אומענדלעכע. אַ ברייטקייט. אָפֿענע האָריזאָנטן. אַ קרישטאָלענע ליכטיקייט און שניי־ווייסקייט וואָס כישופֿט. אַ גן־עדן ? האַ־האַ־האַ, נאַדיעזשדאַ. איך קען די ערד וועלכע ליגט פֿאַרקאָוועט אונטער דעם אייז און שניי. איך האָב אויף איר דעם זומער און האַרבסט געטראָטן, איצט דערקענט מען נישט, אַז זי איז אַזאַ פֿאַרוואַרלאָזטע, אַזאַ באַליידיקטע, אַזאַ גע־שענדטע. איצט זעט די ערד אויס געהייליקט פֿון די הימלען. און אין דער אמתן איז זי אַ הפֿקרדיקע, אַ באַליידיקטע, אַ פֿאַרדאַרבענע מיט פֿאַלין, מיט קראָפּעווע, אַזוי ווי אַ פֿאַרוויסטע פֿאַרלאָזענע און געשענדטע פּרוי איז זי... מען קען איר מיטפֿילן, מיטטרויערן, מיט־וויינען מיט איר, אָבער עס איז זי שווער ליב צו האָבן... נאַדיעזשדאַ, בלייב נישט דאָ... גיי אַוועק פֿון די דערפֿער... פֿאַרלאָז די ערד. אפֿילו נאָך דעם ווי די מלחמה וועט זיך ענדיקן, וועט דאָ קיין ענדערונג נישט פֿאָרקומען. זי וועט שוין בלייבן אַזאַ ווי זי איז — פֿאַרוויסט, פֿאַרדאַרבן פֿון קרייטעכצער, אויף דורות. אפֿשר וועט קומען אַ נייע צייט ? נישט דו און נישט ד ע ר דור וועט זיך דערוואַרטן אויף איר. גיי אַוועק פֿון באַשקירצי. נעם דיין זון און פֿאָר אין די גרויסע שטעט.

נאַדיעזשדאַ האָט זיך ענגער געוויקלט אין איר פוטער־מאַנטל. מיינע ווערטער האָבן זי טיף געטראָפן. ערשט שפּעטער האָט זי מיר דאָס געזאָגט. ערב דעם געזעגענען זיך, בעת איך האָב אַוועקגע־שפּאַנט מיט מיין פּאַרטיע מאָביליזירטע.

— נאַדיעזשדאַ, עס איז דאָך נישטאָ קיין שום האָפענונג, אַז דאָ זאָל ווען עס איז גוט זיין. איך זע די אַנקומענדיקע פּאַרוויסטונג, שוין נאָך דעם ווי די מלחמה וועט געווונען ווערן. ביסטו געגאַנגען איבער די אַקער־פעלדער פון די קאָלכאָזן? האָסט געזען די פּי־סטאַדעס, די איינגעפאַלענע, די פאַרהונגערטע דערפער? די פאַר־הונגערטע פויערים בעת דער אַרבעט? האָסטו געזען די פּאַשע־פעלדער און די גערטנער? האָסטו ווען עס איז גערעדט מיט פויערים אַזוי ווי איך און געגעסן מיט זיי די הונגער־פּאַכלעבקעס? ווייסטו ווי אַזוי עס זעט אויס אין די קאָלכאָזנע אופּראַוולעניעס? האָסטו בייגעוווינט אַ וויזיט פון אַ ראַיאָנעם פּאַרטיי־סעקרעטאַר אין אַ קאָלכאָז? איך האָב דאָס אַלץ געזען. איך האָב אַלץ באַנומען. רוס־לאַנד איז געשענדעט! זי איז געדולדיק און שטיל אַזוי ווי די ערד. גיי אַוועק פון דאַנען. גיי צוריק אין שטאָט אַריין.

— דאָס האָסטו מיר געוואָלט זאָגן?

זי האָט געקוקט אויף מיר בייז און אַנטוישט.

איך האָב זי פאַרבעטן אַריינצוגיין מיט מיר צו איוואַן פּראָסטאַ־ווילין. מיר זענען אַדורך אַ זייטיק דאַרף־שטעגל און אַרויסגעקומען אין מאַרק. עס זענען שוין אָנגעפאַרן די שליטנס מיט מאָביליזירטע פון דודניקאָוואָ. איך האָב זיי דערקענט לויט די געפאַרבטע דוגעס איבער די פערד.

עס זענען מיט איין מאָל אָנגעפאַרן די טאָטערן פון אַטעבינאָ אויף זעקס שליטנס געשפּאַנטע אין שוואַרצע פערד מיט צעפּלאָשעטע גריוועס.

מאַריאַ פעריפעראָוונאַ האָט זיך צעשמייכלט בעת איך בין אַריינ־געקומען מיט נאַדיעזשדאַ און שנעל זיך איבערגעצלמט. זי האָט באַ־

טראַכט מיינע וואַרעמע מלבושים, געקוקט אויף נאַדיעזשדאַ און געזאָגט:

— זאָל איך דער אייבערשטער בענטשן.

אין דער כאַטע זענען געווען געסט; עטלעכע מאָביליזירטע פון קראַסני יאַר. צווישן זיי דער קאָלכאָזנער פּרעדסעדאַטעל. דער טיש איז געווען באַשטעלט מיט וואָדקאַ, מיט זויער־קרויט, מיט איינגעלייגטע שוואָמען און מיט שטיקער שוואַרצן ברויט.

איך האָב גוט געקענט פּיאָטר סאַבאַלעוון — דעם קאָלכאָזנעם באַלעבאָס פון קראַסני יאַר. דעם שפּעטן זומער האָב איך אַרויסגעהאָלפן דעם פירער פון דער טראַקטאָרנער בריגאַדע, אַדריאַנען, אויסמעסטן די צעאַקערטע פעלדער און צושטעלן פאַר די דריי טראַקטאָרן נאַפט און זאַפּאַס־טיילן פון דער מ. ט. ס. איך פלעג דורכשפּאַנען די ערד מיט אַ סאַזשען, געמאַכט פון צוויי הילצערנע דרענגלעך, ציילן וויפל סאַזשען מען האָט צעאַקערט און דערנאָך דאָס פאַרשרייבן. אויף יעדן צעאַקערטן העקטאַר האָבן מיר באַקומען פון דער מ. ט. ס. 20 ליטער נאַפט. עטלעכע מאָל איז געקומען סאַבאַלעוו נעמען ביי אונדז נאַפט. „קראַסני יאַר קען נישט בלייבן אין די לאַנגע ווינטער־נעכט אין דער פינצטער. שוין דריי יאָר ווי מען טיילט נישט אויס קיין נאַפט פאַר די נויטן פון דאָרף און אַלע האָבן נאַפט אין די שטיבער. אַ נס? אַזאַ ווי עס שטייט אין די הייליקע ביכער נאָך דעם ווי דער טעמפּל איז צעשטערט געוואָרן, ווען מען האָט געפונען אייל אויף גאַנצע אַכט טעג?" — האָט מיר געזאָגט יענעם שפּעט־זומער אַ זקן און געלאַכט. סאַבאַלעוו האָט פאַרלאַנגט פון דער טראַקטאָרנער בריגאַדע צוויי פעסער נאַפט. „וואָס גייט עס אייך אָן? איך וועל שיקן מיינע פערד און זיי וועלן צעאַקערן זעקס העקטאַר. גיט מיר דערפאַר 120 ליטער נאַפט". איך בין געווען קעגן. אַדריאַן איז אַריין אין אַ רציחה. „מען וועט דיך נישט בלויז פאַרטרייבן פון דאָרף נאָר וועסט נאָך האָבן צרות מיט אַלע פויערים. אָפּזאָגן זיך? ביסט אַראָפּ פון זינען?" „מיר וועלן באַקומען באַצאָלט פאַר דער אַרבעט וועלכע עס האָבן געמאַכט קאָלכאָזניקעס?" —

האָב איך געפרעגט. „עס איז דאָך אַ שווינדל". איך בין דעמאָלט אַוועק פון קראַסני יאַר און אויף מיין אָרט איז געקומען אַן אַנדערער „אוטשאָטשיק" און געחתמעט די פּאַפּירלעך.

— העי פּאַליאַק! געדענקסט די צרות וואָס האָסט מיר געוואָלט פאַרשאַפן? האָסט געוואָלט, אַז אין קראַסני יאַר זאָל אַ גאַנצן ווינ־טער נישט לייכטן אפילו קיין קאָפּטשילקע? כאַ־כאַ־כאַ... איך האָב צוגעגרייט געגנוג נאַפט... גענוג היי פאַר די קאָלכאָזניקעס... איך האָב זיי געלאָזט גענוג גנבענען אויף די דרעש־פעלדער... פאַרוואָס נישט?...

זיין ווייב האָט געוויינט מיט אַן אויסגעצויגן קול:

— דערפאַר טאַקע, פּיעטינקאַ, גייסטו אַוועק און אויף דיין אָרט האָט מען אַוועקגעזעצט דעם טשומאַזן. ווייסטו פאַרוואָס? ער האָט נעכטן אַוועקגעפירט דעם וואַיעננעם קאָמיסאַר אַ גאַנצן פּוד סאַלע.

— טשעווא, פּאַליאַק? מיר וועלן זיך דערוואַרעמען?

ער האָט מיר אָנגעגאָסן אַ פול גלאָז בראַנפן.

— טרינק! געפעלסט מיר צוליב דיין פּראָסטאָ־דוראַצקע אויפ־פירן זיך דעם זומער מיט דעם נאַפט... עך, יעדראָנאַ מאַט, קענסט נאָך נישט אונדזערע פּאַריאַדקעס... נו, קער איבער דאָס גלאָז...

איך האָב אויסגעטרונקען. דער טעם איז געווען אַ ביטערער און עס האָט געשמעקט מיט בוראַקעס. זעט אויס אַז עס איז אַן עכטער „סאַמאָגאָן".

— באַביאַנקי, טרינקט אויך!

נאַדיעזשדאַ האָט נישט אָפּגעזאָגט. זי האָט אויסגעטרונקען אַ ביסל און צוריקגעשטעלט דאָס גלאָז. פּיעטקאָס ווייב, וואָס האָט פריער אַזוי אויסגעצויגן געיאָמערט, איז מיט איין מאָל שטיל געבליבן. זי האָט גענומען דאָס גלאָז, מיט איין האַנט אונטערגעהאַלטן דעם קאָפּ אויף אונטן און אַ זופּ געטאָן. זי איז געענדערט געוואָרן. אַנ־שטאָט מיט אַ געוויין האָט זי איצט גערעדט הויך, מיט אַ דין צעצויגן קול. אויך איוואַניטש האָט געטרונקען. מאַריאַ פּעריפּעראָוונאַ, האָט יעדע רגע אונטערגעהויבן אַ ראַנד פון איר סאַראַפאַן, געהאַלטן זיך

מיט דער לינקער האַנט די זייט, און געטרונקען שוין דאָס צווייטע גלאָז.

די שטוב איז פול געוואָרן מיט קומעס, מיט באַקאַנטע, מיט קראַסנאָ־יאַרער קאַלכאַזניקעס. מיר האָבן זיך מכבד געווען מיט מאַכאָרקע, מיט צייטונגס־פּאַפּיר. אויך איך האָב געוויקלט דאָס צייטונגס־פּאַפּיר, אָנגענומען מיט די פינגער אַ ביסל טאַבעק, עס אַריינגעשטופּט אין דעם פּאַפּיר־געוויקל און פאַררייכערט.

מיט צעקנעפּלטע שובעס, צעקנעפּלטע פּעלצן, אין אַ נעפּל פון רויך, אין אַ טשאַד פון סאַמאַגאָן וועלכער האָט מיר צוריקגעשלאָגן מיט אַ ברענענדיקער שאַרפקייט, ביי די קאַפּטשנדיקע פלעמלעך פון דער איקאָנע, אין טונקעלן ליכט וואָס האָט זיך אַריינגעזיפּט אין דער כאַטע דורך די קליינע שנייאיק־אָנגעפּעלצטע שייבלעך, פאַרשטעלטע פון פויערישע אַקסל, פון סאַראַפּאַנעס, זענען מיר געזעסן ביים היל־צערנעם טיש, אויף די בענק לענגאויס די ווענט, אויף דער אויוון־שוועל און גערעדט. הויך גערעדט דעם רוסיש וואָס איז געמישט מיט צערקאָוונע־סלאַווישע ווערטלעך און געפילט ווי אַ זיסלעכע שיכרות בינדט אויף זייערע צונגען. כאָטש איך האָב פיל רייד נישט באַנומען האָט עס מיר געמאַכט גוט דאָס פאַרברענגען די לעצטע שעהען ערב מיין אַוועקגיין אין דער אַלט־רוסישער שטוב.

איך האָב גענומען נאַדיעזשדאַס האַנט אין מיינע הענט אַריין און צוגעלייגט מיין פּנים צו איר פּנים.

— נאַדיעזש... נאַדיאַ... איך האָב דיר ווי געטאָן מיט מיינע רייד... פאַרגעס דאָס... איך האָב געוואָלט עפּעס אַנדערש זאָגן און עס איז אַזוי אַרויסגעקומען... עס איז נישט אמת, נאַדיעזשדאַ. די ערד קען מען נישט שענדן און נישט פאַרווילדעווען... זע די מענטשן; זיי זענען הייליק. הייליקער ווי פון די איקאָנעס. קיין שום אַנדער פאָלק וואָלט נישט אויסגעטראָגן די פּיין און ליידן... איך וועל דיך נישט פאַרגעסן... איך וועל תמיד צוריקקערן זיך צו דיר אין אַלע מיינע מחשבות... איך וועל תפילה טאָן פאַר דיר און פאַר דיין זון. איך וועל דיינע ליידן און דיין האַרץ אַנטפּלעקן פאַר אַלעמען...

דו ביסט רוסלאַנד. איוואַן פּראָסטאָווילין איז רוסלאַנד. די פּאַרוויסטע און פאַרהונגערטע דערפער — דאָס איז רוסלאַנד! איך וועל צוריק־קומען. איך וועל לעבן און איבערלעבן ווייל דו גיסט מיר כוח. איך בין איצט מער נישט אַליין. דורך דיר האָט זיך די ערד דערנענטערט צו מיר. פּיעטקאָ, פּיאָטר סאַבאַלעוו, איז נאָך געבליבן אַ טראָפּן סאַמאַגאָן? גיס אָן!

פּעטיאָ האָט שוין מער נישט געקענט ענטפערן. זיין ווייב, צוזאַ־מען מיט איוואַנען און מיט נאָך עפּעס אַ פּויער, האָבן אים אַרויס־געפירט צו דעם שליטן. עס איז שוין די צייט צוצושטעלן זיך צו דער מאָביליזאַציע.

איך בין אַרויס אויפן קרילעץ. די פּראָסטיקע לופט האָט מיך מער נישט געקילט. איך האָב דערשפּירט אַ וואַרעמקייט אין אַלע גלידער און אַ לייכטקייט אין די טריט. אפילו די פרעמדע מלבושים זענען מיר געוואָרן גרינג.

איך האָב דערזען אַ ליכטיקן בלאָ־אויסגעפּרוירענעם הימל, אַ היימישע דאָרפישע גאַס, וואָס האָט געקוקט אויף מיר מיט גוט־מוטיקייט, מיט באַדויער און מיט טרערן. יאָ, די שכנים האָבן גע־וויינט.

קעגן־איבער, אויף אַ גאַנעק, האָבן זיך צוויי אַלטע פּויערטעס אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און געצלמט.

מיט אַ געקלינגעריי איז דורכגעפאָרן אַ שליטן. איך האָב דערזען די מאָביליזירטע פון קוליקאָווע און לעבן זיי, אויפן שליטן, אַ זקן מיט אַן אָפּגעדעקטער איקאָנע. אין זונליכט האָט אַ בלענד געטאָן דאָס אָפּגעבליאַקעוועטע גאָלד־און־זילבער פון דעם הייליקנס אַרעאָל. נאַדיעזשדאַ האָט מיך געפירט ביים אָרעם. איוואַן האָט געטראָגן מיין רוקזאַק. איך האָב געשפּאַנט אין מיטן גאַס ביז צום מאַרק. עס זענען שוין דאָ געווען הונדערטער שליטנס. פון מאַרק האָט געפירט אַ גלייכער וועג צום סעלסקי סאָוויעט.

אויף אַלע גאַנעקעס זענען געשטאַנען פּויערים אויף די קני, געצלמט זיך. רוסישע פּויערים; גרויע, ליכטיק־האָריקע, מילדע ווי

דער זוניקער טאָג, מיט אויגן דורכזועענדיקע, מיט בערד ווי דער שראָן גרוי און זילבערדיק, אין קליידער פון אַליינגעוועבטן ברוין־שימלדיקן וואָל מיט די קאָלירן פון אַלטע ווערבעס און סאָסנעס.

פון דער מאָסע מאָביליזירטע האָט זיך אויסגעטיילט אַדריאַן. הויך, ברייט אין די אַקסל, עטוואָס געבויגן, אַ ברייט פּנים אַ פּאַרטונקלטס, טיפע אויגן־אויסהוילעניש נאָך מער פאַרטונקלטע ווי זיין פּנים פון וועלכע עס האָבן אַרויסגעשיינט צוויי שמאָלע פּאָסיקלעך בלאָ.

איך פלעג דעם שפּעטן זומער, בעת די טראַקטאָרן האָבן אין די הייסע מיטאָג־שעהען אויפגעהערט צו אַרבעטן, זיצן מיט אים אויף די דודניקאָווער פעלדער און שמועסן וועגן וועלט־באַשאַף, וועגן מענטש און בעל־חי. אַדריאַן האָט גוט געקענט רוסלאַנד. אָנגעטליקעט זיך איבער וועגן און שטעגן. געלעבטביים בייקאַל אַלס מעכאַניקער פון פישער־שיפן, אין אוראַלער קוילן־גרובנס, אין פאַר־שיקונגען. דורכגעשפּאַנט האַלב ראַסיי און צוריקגעקומען צו די היימישע פעלדער. איך האָב אויסגעהערט אַדריאַנס אויסטערלישע מעשות וועגן אַרעסטאַנטן, וועגן פאַרשיקטע, וועגן ווייבער. ער האָט געקענט דעם טעמניקאָווער לאַגער, וועלכער שפּרייט זיך אין גאַנצן דרייסיק וויאָרסט פון דאַנען און ציט זיך ביז פּאָטמאַ, ביז טאַרביעוואָ, ביז די טיפענישן פון די וועלדער און כאַפּט אַרום אַ ריזיקן שטח פון דער מאָרדווינישער אויטאָנאָמער רעפּובליק. אַדריאַן איז דאָרט געווען אַלס פרייוויליקער אַרבעטער, ווייל צווישן אַלע פאַרשיקטע האָט מען נישט געפונען קיין ריכטיקן מעכאַניקער פאַר ניימאַשינען. „פאַראַן דאָרט אַ גאַנץ שטעטל וואָס הייסט „זעקס און דרייסיק״. אַזוי ווי די מענטשן האָבן דאָרט נישט קיין נעמען נאָר נומערן, אַזוי האָבן די ישובים נישט קיין נעמען נאָר נומערן. איך בין דאָרט געווען דער מעכאַניקער פון ניי־מאַשינען. אין „זעקס און דרייסיק״ אַרבעטן איבער פינף טויזנט פאַרשיקטע פרויען ביים נייען שינעלן און מאַנטלען פאַר דער אַרמיי און פאַר דער מיליץ״.

אַדריאַן איז געווען ממש געניאַל צו אַלע מינים מעכאַניקעריי,

אפילו צו די סובטעלסטע. ער האָט ריכטיק נישט געקענט אונטער־שרייבן זיך. עס האָט געדויערט ביז אַדריאַן האָט געחתמעט די בלעטלעך פון דער טראַקטאָרנער בריגאַדעביים איבערשיקן די באַריכטן. תמיד האָט ער אָפּגעלייגט אויף שפּעטער און, אַז ער האָט גענומען מיין בלייער אויף אונטערשרייבן, זענען אים אַנגסטן אַרויס אויפן שטערן. ער האָט געקענט צורעכט מאַכן נישט בלויז טראַקטאָרן, אויטאָמאָבילן, עלעקטראָ־גענעראַטאָרן, ניימאַשינען נאָר אויך אפילו זייגערלעך. יענעם שפּעטן זומער, איידער ער האָט מיך פאַרטריבן פון דער טראַקטאָרנער בריגאַדע, הלמאי איך האָב נישט געוואָלט אונטערשרייבן דעם באַריכט בעת מיר האָבן געאַקערט אין פּיאַטר סאָבאָלעווס קאָלכאָז, האָט ער מיר דערציילט וועגן אַ פּייערונג פון לענינס געבוירן־טאָג אין דעם פּאָטמער לאַגער. אין פאַרשיקטן אָפּטייל פון פּאָטמאַ „זעקס און דרייסיק״, אין אַ גרויסן באַראַק, האָט מען פאַרזאַמלט אַלע פרויען. זיי זענען געווען אפשר זעקס טויזנט. אַ לעקטאָר, וואָס איז אוודאי אויך געווען פון די פאַרשיקטע, נאָר אַ פריווילעגירטער, האָט גערעדט וועגן וולאַדימיר איליטש לענין. פּלוצעם האָט ער איבערגעריסן די רעדע און געזאָגט: קוקט זיך גוט צו, באַלד וועט איר עמעצן דערזען! אויף דער בינע האָט זיך באַוויזן אַן אַלטע פרוי, אַ נידעריקע, אַ ווייסע אַזוי ווי אַ טויב מיט אומגעוויינטלעכע לאַנגע ווייסע האָר, אין אַ שוואַרץ לאַנג קלייד ביז צו דער פּאָדלאָגע. די זקנה האָט געשטעלט קליינע טריט און געקוקט ווי פאַרבלענדט, נאָר פאַרויס. עס האָט געדויערט אפשר אַ מינוט און אפשר צוויי מינוט און זי איז פאַרשוווּנדן. אַ פּחד האָט אַלעמען אַרומגענומען. עס איז געוואָרן שטיל. אויף דער בינע איז אַרויפגעשפּרונגען איינער פון די נאַטשאַלניקעס און אויסגערופן: „אָט די דאָזיקע פרוי האָט געוואָלט דערמאָרדן וולאַדימיר איליטשן. זי האָט געשאָסן אויף אים אויספירנדיק דעם באַפעל פון די שונאים פון אונדזער פריי און גרויס רוסיש פאָלק!״ דאָס איז געווען דאָראַ קאַפּלאַן. די נ.ק.וו.ד. האָט אָפּגעהיטן לענינס אָנזאָג, אַז מען זאָל דאָראַ קאַפּלאַן נישט דערשיסן. זי האָט באַקומען לעבנסלענגלעכע

טורמע. יעדעס יאָר, בעת די לעגין־פייערונגען, פירט מען זי אַרויף אויף דער בינע. זי איז שוין נישט ביים קלאָרן זינען. קיינער ווייסט נישט אין וועלכן אָפּטייל פון דעם לאַגער זי האַלט זיך אויף — — דאָס האָט זיך אַדריאַן דערוווּסט פון איינער אַ פרוי וועמענס ביי־מאַשין ער האָט פאַרראַכטן. די פרוי האָט געאַרבעט אין די גרויסע האַלעס פון „זעקס און דרייסיקסטן פונקט". איר מאַן איז געווען זינאָוויעוו...

אַדריאַן האָט מיר דערלאַנגט זיין גרויסע און שווערע האַנט.

— מיכאַיל, מיר וועלן זיך האַלטן צוזאַמען. איך האָב דיר אַ סך צו דערציילן...

דער טראַקטאָרנער בריגאַדיסט האָט מיך אַ צי געטאָן צו זיך און מיך אַרומגענומען מיטביידע שטאַרקע הענט און צעקושט. דער בראָנפן־ריח, אַן אויסגעמישטער מיטן רויען אָטעם זיינעם, האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין.

באַדיעזשדאַ איז געשטאַנען אין אַ זייט צוזאַמען מיט הונדערטער רוסישע פרויען פון מאָביליזירטע און געקוקט אויף מיר, געקוקט אויף אַדריאַנען און געווישט די טרערן.

# קאַפּיטל צוועלף

ביים סעלסקי סאָוועט האָבן געוואַרט עטלעכע מונדירטע מענטשן. זיי האָבן צונויפגעזאַמלט די מאָביליזאַציע־צעטלען און אונדז אויס־געשטעלט אין רייען. די רוקזעק זענען שוין געלעגן אויף עטלעכע שליטנס. מיין שורה האָט זיך אויסגעגלייכט, ווידעראַמאָל צעשאָטן און לסוף געבליבן האַלב־רונדיק. אַנטקעגן איבער זענען געשטאַנען פרויען, זקנים און קינדער. איינער פון די מיליטער־לייט איז בייז פאַרבייגעלאָפן. דער פראָסט האָט געפלאַמט זיינע אויערן. דאָס פּנים איז געווען פאַרגאָסן מיט רויטקייט און אין די באַוועגונגען זיינע, די האַסטיקע און שנעלע, האָט מען געקענט זען, אַז ער איז צעהיצט פון וואָדקאַ. ער האָט זיך מיט איין מאָל אַ וואַרף געטאָן צו אַן על־טערן קאָלכאָזניק אין דער רייע פון די מאָביליזירטע, אַ נישט־ראַזירטן, און אַ ריס געטאָן פון זיינע הענט אַן אַנשפּאַר־שטעקן. דער מאָביליזירטער האָט זיך אומבאַהאָלפן אומגעקוקט און פאַרלייגט די הענט ווי צו אַ תּפילה. אין דער רגע האָט דער מיליטער־באַגלייטער אַ הייב געטאָן די קני, צעבראָכן דאָס שטעקל אויף דער העלפט און עס אַ שליידער געטאָן. דער קאָלכאָזניק איז אַרויס פון דער ריי אַ הינקענדיקער און געוואָלט עפּעס אויפקלערן. ער האָט געזוכט אין בוזעם פּאַפּירלעך, זיי געשטעקט אין די הענט אַריין פון עלטסטן. דער אויפזעער האָט צעריסן די פּאַפּירלעך און אַריינגעשטופּט צוריק דעם מאָביליזירטן אין דער רייע.

מיטאַמאָל אַ רוף: — אָפּגעבן אַלע דאָקומענטן. די פּאַספּאָרטן, די ספּראַווקעס.

אויך איך האָב געוואָלט אַוועקגעבן אַלץ, וואָס איך האָב נאָר

געהאַט אין מיין בוזעם־טאַש. אין דער רגע איז איילִיק צוגעקומען נאַדיעזשדאַ און זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט צווישן מיר און דעם מונדירטן באַאַמטן.

— מיכאַיל, לייג צוריק אַריין אין דיין טאַש די פּערזענלעכע דאָקומענטן. גיב זיי נישט.

זי האָט דאָס געזאָגט שטיל און באַפעלעריש.

— די דאָקומענטן! — האָט ווידער אַ מאָל באַפוילן דער פּאַר־שוין מיט די אָנגעצונדענע אויערן.

— זיי זענען געבליבן אין שטוב — האָט נאַדיעזשדאַ פאַר מיר געענטפערט. — דאָס מאָביליזאַציע־צעטל האָט ער אייך צוגעשטעלט, וואָס דאַרפט איר נאָך?

דער באַאַמטער האָט זיך צוריקגעצויגן אויף אַ טריט און באַ־טראַכט נאַדיעזשדאַן.

— וואָס פּלאָנטערט איר זיך דאָ אַרום? — האָט ער געפרעגט, אָבער אָן כעס און אָן פאַרריסנקייט, נאָר מיט אַ טאָן פון אַ באַליי־דיקטן. — לאַדנאָ, לאַדנאָ, אָבער אויף זיכער זענען געבליבן די דאָקומענטן אין שטוב? איר פאַרשטייט, מיר קענען נישט לאָזן מאָביליזירטע מענטשן מיט גראַזשדאַנסקע דאָקומענטן. זיי קענען זיך אָפּטיילן פון דער גרופּע איידער מען קומט נאָך אָן צו אַ מילי־טערישן פּונקט, גיי זוך זיי דערנאָך.

ערשט מיט אַ צייט שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען די וויכטיקייט פון האָבן דאָקומענטן ביי זיך. ווער ווייסט, וואָס עס וואָלט מיט מיר געוואָרן און וואָס פאַראַ גורל איך וואָלט געהאַט, ווען איך וואָלט אין יענע טעג ביי מאָסקווע, אין איינער פון די נעכט פון בהלה, ווען מען האָט דערשאָסן יעדן, וואָס האָט זיך נאָר אַרויסגעוויזן פאַר פאַר־דעכטיקט, אויב איך וואָלט נישט געהאַט ביי זיך די דאָקומענטן?

דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס — אַ סימן, אַז דער פראָסט שטאַרקט זיך.

די מאָביליזירטע זענען נישט איינגעשטאַנען אויפן אָרט, נאָר ריטמיש איבערגעשטעלט די פיס, צוקלאַפּנדיק דערביי מיט די הענט.

אַלע זענען געווען אין לאַפּטשעס, אין וואַלוויקלערס, אין שעפּסענע פּעלצלעך, אין פופייקעס, אין בורקעס, מיט די לאַפּן פון די פוטער־היט אַראָפּגעלאָזטע, צוגעקנופּטע אונטער דער גאָמבע. זיי האָבן גע־רייכערט „ציגן־פּיסלעך", געלאָזט קנוילן רויך.

די קעלט האָט מיך אַרומגענומען און איך האָב דערפילט אַ מיד־קייט און שלעפעריקייט. די אויגן־לעדלעך האָבן מיר ווייַ געטאָן פון דער שניי־ווייסקייט. זיי זענען געוואָרן שווער און איך האָב זיי גע־וואָלט צושליסן און נישט געקענט. גאָר שאַרף האָב איך אָפּגעפילט דעם פראָסט אין די פיס. „שטיי נישט" — האָט מיר געזאָגט דער שכן. „באַוועג זיך, קלאַפּ מיט די פיס אָן שניי".

איך האָב געמאַכט עטלעכע באַוועגונגען און ווידער זיך אָפּגערוט, קוקנדיק אַריבער צום געזעמל פרויען און זקנים, צווישן וועלכע עס איז נאָך אַלץ געשטאַנען נאַדיעזשדאַ. איך האָב געוואָלט זי זאָל נישט זען ווי אַזוי מיין פּנים באַקומט די קאָליר פון די אויסגע־פרוירענע הימלען.

נאַדיעזשדאַ האָט זיך אייליק דערנענטערט צו מיר און אַרומ־גענומען מיין פּנים מיט אירע וואַרעמע הענט.

— ווי פראָסטיק־קאָלט דו ביסט — האָט זי געשעפּטשעט צו מיר.

נאַדיעזשדאַ האָט זיך מיט איין האַנט אָנגעשפּאַרט אָן מיין אַקסל און מיט דער צווייטער אויסגעטאָן אירע וואַלענקעס. צוערשט איין וואַלענקע, און דערנאָך די צווייטע. זי האָט אַראָפּגעצויגן אירע וואַל־געשטריקטע שקאַרפעטן און צוריק אָנגעטאָן די וואַלענקעס. איך האָב זיך צוגעקוקט אַ שווייגנדיקער, אַ גלייכגילטיקער צו דעם, וואָס נאַדיעזשדאַ טוט. נאָר דעמאָלט ווען זי האָט אָפּגעדעקט אירע פיס און איך האָב זיי דערזען אין שניי, האָט דער פראָסט, וועלכער האָט מיך געהאַט דורכגענומען, אָנגעהויבן צו טייען. איך האָב געשפּירט ווי די פריערדיקע גלייכגילט טרעט אָפּ און אויף דעם אָרט קומט עפּעס אַן עקשנות, אַ האַפענונג און אַ דערוואַכונג.

— טו זיי אָן, מישאַ.

— ניין. איך דאַרף זיי נישט. באַלד רירן מיר. זעסט, נאַדיעזשדאַ,

די אַנטרייבער ציען שוין אָן די דוגעס. די פערד פון די שליטנס זענען גרייט. דעמאָלט וועלן מיר זיך דערוואַרעמען, ווייל מיר האָבן דורכצומאַכן אַ דרייסיק וויאָרסט צו־פוס. נעם זיי צוריק די וואָלענע שקאַרפּעטן, זיי וועלן דיר נוצן. ווי אַזוי ווסטו אַהיימגיין די דריי וויאָרסט אין וואַלענקעס, אָן די וואָלענע... — איך האָב נישט באַוויזן צו ענדיקן ווי די ערשטע שליטנס האָבן גערירט.

נאַדיעזשדאַ האָט מיך צוגעפירט ביזן קרילעץ פון סעלסקי סאָוויעט. איך האָב זיך אָוועקגעזעצט, אויסגעטאָן מיינע שטיוול און אָנגעטאָן אירע וואַרעמע וואָלענע שקאַרפּעטן. די רייע מאָביליזירטע האָט זיך צעצויגן איבער דער גאַנצער לענג פון דער גאַס.

— נאַדיעזשדאַ — מיין קול איז געווען ציטערנדיק. אויסגעפּראַרן און איז צעשוווּמען געוואָרן אַזוי ווי דער קאַלטער אָטעם. — איך וועל איבערהאַלטן דעם גאַנג איבער די שנייפעלדער. זיי זיכער, איך וועל דערגיין צו דער באַן־סטאַציע, אַזוי ווי אַלע...

איך האָב געוואָלט איר זאָגן דאָס, וואָס איך האָב אין דער נאַכט נישט געזאָגט, בעת איך האָב שטום געצויגן זיך צו איר וואַרעמען גוף. איצט האָב איך באַדויערט. זי האָט געוואַרט אויף דעם, געוואָלט דאָס הערן.

אויך איצט איז זי געווען פול מיט דערוואַרטונג און מיט געבעט צו מיר. איך האָב אָבער געשוויגן.

ערשט מיט יאָרן שפּעטער האָב איך באַנומען מיין געצווימטקייט און דאָס קילע געזעגענען זיך מיט נאַדיעזשדאַן. ניין, עס זענען נישט געווען די שאָטנס פון אירע מאָסקווער יאָרן און דאָס נעלם ווערן אין די נעכט אויפן רוף פון די נ.ק.וו.ד.־לייט, וואָס האָבן איינגעאָרדנט נאַכט־פאַרווילונגען פאַר די הויכע קרעמל־פאַרשוינען. דאָס אַלץ איז תיכף צערונען, ווי נאָר נאַדיעזשדאַ האָט דאָס מיר דערציילט. איר ליכטיק פּנים, דער ריינער בליק פון די גרויסע האַלב־שיפע טאַטערישע אויגן, די ווייסע שניי־לאַנדשאַפט, די טיפע און הויכע בלאָ־זילבערדיקע הימלען, איר פאַטערס היים אין באַשקירצי און די ליבשאַפט, וואָס האָט געקוואָלט פון איר, סיי די מוטער־ליב־

שאַפט צו געגנאַדי און סיי די ליבשאַפט פון דער פרוי אין דער פולער רייפקייט מיט די ווייכע באַוועגונגען, אַ געמיש פון עלעגאַנץ און פשטות — דאָס אַלץ האָט געמאַכט נישט רעאַל אירע נאַכט־רייד. זיי זענען צערונען געוואָרן און עס האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר מיר די וווּנדערלעכע נאַדיעזשדאַ ווי די אומשולד אַליין, ווי די פאַרקער־פערונג פון דער רוסישער פרוי.

מיין צוריקגעהאַלטנקייט און אויסערלעכע קילקייט צו איר, דאָס שווייגן, איז געקומען פון מיין געפאַלנקייט, פון מיין אומבאַהאָלפנ־קייט און פון מיין נע־ונעדקייט. אויף ליב האָבן אַ מענטש מוז מען זיין מיט אים גלייך. נאַדיעזשדאַ איז געווען פון אַן אַנדער וועלט. איך בין מיט איר נישט געווען גלייך: היימלאָז, הונגעריק, איבער־געפולט מיט פחד, פרעמד און אומזיכער אין זיך האָב איך נישט געקענט אַרויסברענגען מיינע געפילן צו איר. זיי וואָלטן געווען אומנאַטירלעך. עס האָט זיך אויפגעהיט אין מיר דער אויבן־אויפיקער שטאָלץ און ער האָט מיך געצוווּנגען צו ריידן וועגן אַלעם, אָבער נישט פון מיינע אינטימע געפילן צו איר. נאַדיעזשדאַ קען זיי אויפ־נעמען ווי הכנעה פון אַ נע־ונדן, ווי דאַנקבאַרקייט פון אַ הונגעריקן, פון איינעם וועמען זי האָט געגעבן אָנצוטאָן די וואַרעמע מלבושים אין פראַסטיקן ווינטער פון דער גרויסער מאָביליזאַציע.

דאָס וואָס איך האָב נישט געזאָגט מיט מיינע ליפּן, האָט זי אָבער אַרויסגעפילט אין יענע לעצטע רגעס, בעת איך האָב אָנגעיאָגט די רייע און אָנגעהויבן צו שפּאַנען מיט שנעלע טריט, צוקלאַפּנדיק מיט די פיס אין האַרטן פאַרפרוירענעם שניי. יאָ, זי האָט דאָס געפילט. זי האָט אַלץ באַנומען.

די פרויען און זקנים האָבן אונז באַגלייט ביז צו דער פאַרפראָ־רענער מאָקשאַ. נאַדיעזשדאַ איז געווען צווישן זיי. איך בין אַרויס פון דער ריי און צוגעלאָפן צו איר.

— נאַדיעזשדאַ, גיי צוריק... גיי אַהיים...

איך האָב גענומען איר האַנט און זי צוגעלייגט צו מיינע ליפּן.

איך האָב געפילט, אַז אויב איך וועל בלייבן אַזוי נאָך איין רגע, וועל איך אַראָפּלאָזן זיך אויף די קני פאַר איר און וויינען. דער אָנשטראָם פון ליבשאַפט האָט מיך געמאַכט נישט אָפּפילן דעם פראָסט. איך האָב אויסגעטאָן מיין הוט און טיף זיך פאַרנויגט פאַר דער, וואָס האָט זיך אַזוי אומגעריכט און ווונדערלעך אַנטפּלעקט פאַר מיר אין איינער פון די שפּעט־האַרבסטיקע פאַרנאַכטן אין טענגושיי. איך האָב מיט ליבשאַפט פאַרנויגט זיך פאַר די זקנים, די פרויען פון די מאָביליזירטע מיט די איינגעקנוילטע קינדער אויף די הענט.

איך האָב דערקענט צווישן זיי איוואַן פראָסטאָווילינען און מאַריאַ פּעריפּעראָוונאַ, איך האָב געזען פיאָדאָר גאָווריליאָוויטשן דעם כליסט, איך האָב דערזען די שכנים און אומגעריכט האָט זיך מיין בליק צו־נויפגעטראָפן מיט דעם בליק פון פאַטימאַ שאַריפּינאַ. זי איז געשטאַ־נען נישט ווייט פאַרהילט אין אַ שוואַרצן וואָלענעם שאַל.

— מיכאַיל, דיין שווייגן טוט מיר וויי. אויך דיינע רייד אין היינ־טיקן פרימאָרגן האָבן מיך געטראָפן. איך וועל דאָס נישט געדענקען. איך פאַרזיכער דיר. דאָס וואָס בלייבט איז דיין באַווייזן זיך אין מיין לעבן. איך בין תמיד מיט דיר און איך וויל וואַרטן אויף דיר. קום צוריק אַ גאַנצער אָדער צעקאַליעטשעטער... מיכאַיל...

איך האָב געזען ווי די מאָביליזירטע זענען שוין אַריבער דעם פאַרפרוירענעם טייך און די פורן מיט די זעק זענען שוין ווייט פאַרויס אויפן וועג קיין אַלעקסאַנדראָוואַ.

מיט לייכטקייט האָב איך אָנגעיאָגט די רייע. עס איז געווען גוט צו לויפן איבער דעם אייז. די יונגשאַפט איז צוריקגעקומען צו מיר. די קליידער האָבן מיך גוט געוואַרעמט און דער שניידיקער פראָסט, וואָס האָט געקלעפּט מיר די אויגן־לעדלעך און די נאָז־לעפּלעך איז מער נישט צוגעשטאַנען צו מיר, אפשר דערפאַר וויל מיין אָטעם איז מער נישט געווען קיין קילער, נאָר אַ הייסער.

איך בין געוואָרן מיט איין מאָל גוט אויפגעלייגט און עס האָט זיך

מיר געוואָלט נישט בלויז מיטזינגען מיט די ניגונים פון די האַרמאָ־
ניסטן אויפֿן הויכן ברעג פון דער מאָקשאַ, נאָר אויך פאַרציִען אַן
אייגענעם און היימישן ניגון און פאַרפלעכטן אים מיט זייערע ניגונים.

קיין אַלעקסאַנדראָוואָ, אָדער ווי די קאָלכאָזניקעס רופן אָן דאָס
קליינע דאָרף, וואָס באַשטייט פון איין ברייטער גאַס מיט איבער
הונדערט הילצערנע הייזער, נאָוואָ טענגושיי, איז אַכט ווירסט. פון
דאָרט ציט זיך אַ וואַלדוועג ביז באַראַשאָוואָ, אַן ערך דרייסיק
ווירסט. די אַכט ווירסט וועלן מיר דורכמאַכן ביז פאַרנאַכט. דער
וועג איז אַ גלייכער, אַ פלאַכלאַנד, וואָס איז פולשטענדיק פאַרגאָסן
געוואָרן אין האַרבסט פון די מאָקשאַ־וואַסערן און באַלד, ביי די
ערשטע פרעסט, פאַרפראָרן געוואָרן.

אין אָנהייב האַרבסט, ווי נאָר די וואַסערן האָבן פאַרפלייצט
די פאַשע־פעלדער, האָט מען געקענט דערגרייכן אַלעקסאַנדראָוואָ און
קראַסני־יאַר נאָר מיט לאָדקעס. די וואַסערן זענען אויסגעגאָסן גע־
וואָרן ביז די צוויי דערפער.

מיר זענען געגאַנגען איילִיק איבער אַ ריזיק אייזפעלד, וואָס איז
געווען פאַרדעקט מיט אַ קרישטאָלענעם שניי, אַ פאַרהאַרטעוועטן.
ער האָט זיך געבראָכן אונטער די טריט ווי גלאָז נאָר נאָענט פון די
סטערטשנדיקע קוסטעס ווו דער שניי־אָנשיט איז געווען אַ דינער.
אין סאַמע מיט פעלד איז דער שניי געלעגן דיק, אומבאַרירט אַזוי
איינגעפרוירן, אַזש ער האָט אויסגעהאַלטן די טריט פון פערד און
נישט אונטערגעגעבן זיך.

אין דעם פלאַכלאַנד האָבן זיך קוים אָנגעזען די סילועטן פון
פאַרשנייטע הייסטאָגעס, אָפּגערוקטע איינע פון דער אַנדערער און
אויף מזרח — עטלעכע נידעריקע געביידעס און שטעלער; דאָס
איז די פֿי־פערמע פון די טענגושייער קאָלכאָז. נאָך דער פערמע
האָט זיך קוים אָנגעזען אַ בלאָלעכער פאַס, וואָס האָט ווי אַ רינג
אַרומגענומען דאָס פלאַכלאַנד. דער בלאָער פאַס האָט זיך געמיניעט
מיט פיאָלעט און מיט זילבער.

אויף טייל ערטער איז ער געווען ברייט און גלייך, ווי דאָס וואַלט געווען אַ מויער, וואָס פאַרזיגלט די ווייסע שנייפעלדער, פון וועלכע עס איז נישטאָ קיין אַרויסגאַנג; דאָס איז דער באַראַשאָווער וואַלד. ער גרייכט ביז טעמניקאָוו, ביז ניזשני נאָווגאָראָד און פון דאָרט, ציט ער זיך, אויף יענער זייט וואָלגע, ביז אוראַל.

אין שפעטן זומער, בעת איך בין אָנגעקומען אַרבעטן אין דער שול פון טענגושיי, זענען מיר אַוועק אויף צוויי וואָכן אין וואַלד אַריין, כדי צוצוגרייטן האָלץ אויף צו באַהייצן די קלאַסן. דאָס איז געווען מיין דריטער טאָג אין טענגושיי. אַלע לערער, צוזאַמען מיט די שילער פון די עלטערע קלאַסן, זענען אַוועק צוואַנציק וויאָרסט אין וואַלד אַריין. דעמאָלט האָב איך זיך באַקענט מיט פאַטימאַ שאַרי־פינאַ. מיר האָבן צוזאַמען אונטערגעזעגט טרוקענעביימער. „סוכאָ־סטאָיע״. פון דער קאַלכאָזנער פערמע האָבן מיר באַקומען מילך, פון אַלעקסאַנדראָווער קאַלכאָז עטלעכע געבאַקענע ברויט, און אַ זעקל פּשאָנאָ. מיר זענען געשלאָפן אין שאַלאַשן און ביז שפעט אין דער נאַכט אַריין געברענט דעם כוואָראַסט קעגן די מיקן. מיר האָבן זיך געפונען אין אַ וואַלד, ווו עס האָבן געפוילט אַלטע געהילצער, ווו די וואַלד־קאַנאַוועס זענען געווען פאַרוואַקסן מיט ווילד־קוסטעס, ווו ביימער האָבן געסטערטשעט מיט די פאַרטרוקנטע צווייגן ביז צו די וואָרצלען און מען האָט געמוזט זיך דורכהאַקן אַ וועג מיט דער האַק. די וואַלד־פּערטלען האָט מען נישט געקענט געפינען, ווייל יאָרן שוין ווי קיין וועכטער האָט זיי נישט באַטראַטן. דער וואַלד־באָדן איז געווען געדיכט פאַרוואַקסן מיט שלאַנגען־קראָפּעווע און מיט ווילדע יאַגעדעס. די ביימער, וועלכע מיר האָבן אונטערשניטן, זענען פאַרזונקען געוואָרן אין די גראָזן און אַלערליי געוויקסן. עס האָט לאַנג געדויערט ביז מיר האָבן אָפּגערייניקט אַ צוטריט צו דעם געפאַלענעם בוים, כדי אים אָפּצוטעסען פון די סטערטשנדיקע צווייגן און כוואָראַסט. מיר האָבן זיך צעבריט די הענט און די פּנימער פון די אַלערליי קראָפּעוועס און זענען געזונקען אין טיפן מעך און

צעריסן די קליידער אָן די מאַזשעוויק־קזשאַקעס. די גאַנצע צוויי וואָכן האָבן מיר געהונגערט. דאָס ברויט איז אויסגעגאַנגען. די מילך האָט מען אָפּטמאָל נישט באַקומען. עס איז געבליבן נאָר קאַשע. דעמאָלט האָט פּאַטימאַ פֿאַרגעשלאָגן, אַז מיר זאָלן קלייבן שוואָמען און יאַגדעס און דערמיט זיך דערנערן. איך בין אַוועק, בעת דעם מיטאָג־איבעררייס, צוזאַמען מיט עטלעכע שילער און מיט פּאַטימאַן, קלייבן שוואָמען פֿאַר דער פֿאַכלעבקע, וועלכע האָט זיך געקאָכט. די איבעריקע לערער זענען געבליבן מידע אויף דער פֿאַליאַנע, וואַרעמענדיק זיך אויף דער קאַרגער זון, וואָס איז אַהער דערגאַנגען. איך ווייס נישט ווי לאַנג איך האָב געזוכט די שוואָמען. אפשר אַ האַלבע שעה און אפשר אַ שעה. איך האָב געהערט פֿון נאָענט די רייד פֿון פּאַטימאַ און פֿון די שילער. עס האָט מיך אַ צי געטאָן אויף צפֿון, ווייל דאָרט איז דער באָדן געווען אַ ברוינער, אַ גלייכער און עס זענען צעשאָטן געווען זוניקע גאָלד־פּלעקן, אי אויף די דיקע שטאַמען און אי אויף דעם וואַלד־באָדן. איך בין געגאַנגען אַהין און ווען איך האָב דערגרייכט די סאָסנעס, האָב איך דערזען אַ ליכטיקן בערעזניאַק, פֿול מיט זאַפּטיק־גרינע בערעזע־קרוינען, וויגנדיקע אין זונליכט און דעם ווייסן געבלענד פֿון די דינע שטאַמען. דאָ זענען זיכער פֿאַראַן פֿיל שוואָמען, האָב איך געטראַכט. אונטער די בערעזעס וואַקסט אַ ספּעציעלער מין שוואָמען, אַ באַטעמטער. דאָס האָב איך געוווּסט נאָך פֿון די היימישע וועלדער פֿון מיין אָפּשטאַם־לאַנד. ווי נאָר איך בין אַרויס פֿון די שאָטנס פֿון די סאָסנע־שטאַמען, האָב איך דערזען די ערשטע שוואָמען ביי די בערעזע־ביימלעך. מיט אַ מאָל האָט אַ שאַרך געטאָן אין די קוסטעס. און איידער איך האָב נאָך באַוויזן זיך אומצוקוקן האָב איך דערשפּירט צוויי וועלפֿישע לאַפּעס אויף די אַקסל און אַן אָפּן ציינערדיק מויל, וואָס האָט מיט דער צונג באַרירט מיר דאָס פּנים. איך בין געבריט געוואָרן פֿון הייסן אָטעם, אַזוי ווי פֿון קראַפּעווע, אַזוי ווי פֿון אַ פֿלאַם. איך האָב געזען גרויסע שליפּיעס, געפֿילט ווי די נעגל שטעכן זיך איין אין מיינע אַקסל. און נאָך שטאַרקער ווי דער ווייטיק פֿון די נעגל און פֿון דעם אָטעם פֿון

דער חיה, איז געווען דער געהויל און געוואָי. איך האָב נישט גע־
קענט שרייען, נישט געקענט ווערן זיך. איך בין געבליבן פּאַראַלי־
זירט, ווייל מיין פאַרשטאַנד איז געווען וואַכיק און קלאָר, ווייל איך
האָב דערהערט דעם געטופּ פון פערדישע פיס. אַ רייטער איז געבליבן
שטיין אנטקעגן מיר.

## קאַפּיטל דרייצן

דער וואָלף־הונט האָט אויסגעשטרעקט דעם אָפענעם פּיסק צו דעם רייטער און געוואָיעט אַנטפלעקנדיק דערביי די אייבערשטע שורה שאַרפע ציין. דאָס פערד איז נישט איינגעשטאַנען אויף אַן אָרט נאָר געמאַכט צוויי מאָל אַ קרייז אַרום מיר. דער צווייטער קרייז איז שוין געווען אַזאַ ענגער אַז עס האָט מיך אומגעשליידערט מיט דעם קאָרק. די צוויי הינטישע לאַפּעס זענען אַלץ געווען איינגעקלעמט אין מיינע אַקסל, אפילו דעמאָלט ווען איך בין געלעגן אויף דער ערד. דער רייטער האָט געצילט מיט דער ביקס אויף מיר און די לופּע האָט זיך וואָס אַמאָל דערנענטערט ביז זי האָט באַרירט מיין שלייף און האַסטיק אַריבערגעשפּרונגען אויף מיין ברוסט.

איך האָב אים דערקענט; דאָס איז געווען איינער פון די וועכטער וועלכע באַוואַכן די פאַרשיקטע פון טעמניקאָווער לאַגער. דאָס היטל מיט אַ שפּיץ אַזוי ווי פון אַ צערקווע־קאָלאָקאָלניע, מאָט־גרינלעך. דאָס פּנים טונקל־געל מיט פאַלדן ביי די שיפּע אויגן־פּאַסיקלעך, די נאָז קורץ, פאַרריסן, מיט אָפענע נאָזלעכער אַזוי ווי די שוואַרצע גיפּט־קערנער וועלכע סטערטשען אין טייל קאָרן־קלאָסעס.

דער הונט האָט מיך עטלעכע מאָל אַרומגעדרייט, שטרעבנדיק צו זיין מיט דער מאָרדע אויסגעקערעוועט צו זיין האַר און באַפעלער דעם רייטער און נישט אַרויסגעלאָזט מיך פון זיינע לאַפּעס.

— עס איז נישט קיין וואָלף — האָב איך געשעפּטשעט, נישט אַרויסברענגענדיק קיין קול. — נישט קיין וואָלף.

די שרעק פון זיין אויג־צו־אויג מיט אַ וואָלף האָט נאָך נישט באַוויזן צו פאַרגיין ווי עס איז אויפגעקומען די שרעק פאַר דעם

מענטש מיט דער ביקס און פֿאַר דעם פּרצוף זײַנעם. וואָס וועט קומען פֿריער, דאָס קול פֿון דעם באַוואָפֿנטן פֿאַרשוין, אָדער דער שאָס? ניין, ער וועט נישט שיסן. פֿאַרוואָס? איך בין דאָך אומשולדיק. איך האָב דאָך נישט קיין זינד אויף זיך. איך בין דאָך נישט קיין אַנטרונענער.

דאָס גרויסע גרין־שליימיקע אויג פֿון הונט, דאָס אויג פֿון פֿערד, זאַפֿטיק און טונקל־פּיאַלעט ווי אַ רײַפֿע פֿלוים, מיט דעם פּערלדיקן זילבער־ראַנד, וואָס האָט עס אַרומגענומען ווי אַ רינג; די צוויי שיפֿע, שמאָלע אויגן־פֿאָסיקלעך פֿון באַוואָפֿנטן וועכטער און מײַנע אויגן, די איבערגעפֿולטע מיט שרעק און מיט טרערן — האָבן זיך געשפּיגלט איינע אין דער אַנדערער אַ רגע, צוויי רגעס, אַן אייביקייט.

דער הונט איז אָפּגעשפּרונגען פֿון מיר. איך האָב זיך אויפֿגעשטעלט, געוואַקלט זיך, ווײַל די קניען האָבן זיך מיר אײַנגעבראָכן. דער הונט האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דעם וואַלד־באָדן, אויסגעצויגן פֿאַרנט־אַרויס די פֿאָדערשטע לאַפּעס מיט די אויסגעשטרעקטע נעגל וועלכע זענען געווען מיט בלוט־פֿלעקן און אָנגעשפּיצט די אויערן אין געלויער.

איך האָב געוווּסט, אַז יעדער קער מײַנער קען דערצאָרענען דעם הונט און דעם יעגער. וואָס רויִקער איך וועל זײַן, וואָס מער איך וועל אײַנהאַלטן די באַוועגונגען מײַנע, פֿון דעם ציטערנדיקן גוף, אפֿילו פֿון די אויגן, אַלץ שטילער וועט בלײַבן דער וואָלף־הונט און דער רײַטער.

— ווער ביסטו?

אַ מיאוס קול אַזוי ווי מיט ריצן, פֿול מיט פֿאַראַכטונג און שפּאָט.

יאָ, מען דאַרף מיך פֿאַראַכטן און מען מעג שפּאָטן פֿון מיר ווײַל ווי נישטיק בין איך געווען אַנטקעגן דעם הונט, אַנטקעגן דער שרעק? איך האָב זיך דאָך אפֿילו נישט געפּרוּווט ווערן! איך בין דער אומבאַהאָלפֿנסטער פֿון אַלע באַשעפֿענישן אין דעם וואַלד. איך

בין דער נישטיקסטער, ווייל איך פאַרשעם דעם מין מענטש לאַזנדיק זיך אַזוי באַפאַלן פון אַ הונט.

— איך בין אַ לערער... פון טענגושיי... מיר אַרבעטן דאָ ביים פאַרגרייטן האָלץ פאַר דער שול אויף צו באַהייצן די קלאַסן אין ווינטער... טאָווארישטש, אַט דאָרט פון דעם וועגל איז אַן ערך צען מינוט גאַנג...

דער פאַרשוין האָט זיך פאַרקרומט, אויסגעשפּיגן פאַר רציחה און אַרויסגעלאָזט אַ קללה אין גאָטס מוטערל אַריין.

— איך יאָג זיך שוין אַרום דעם צווייטן טאָג נאָך אַן אַנטלאָפענעם פּאָליאַק־יעוורעי פון טעמניקאָווער לאַגער. איך מוז אים ברענגען אַ טויטן אָדער אַ לעבעדיקן. געמיינט, אַז איך האָב אים דערווישט, און דאָ, נאַ דיר גאָר, אַזאַ אַנשיקעניש! אַן אוטשיטעל? עך מאַטיושקי! יעדראַנאַ מאַ!

ער האָט אַ הייב־געטאָן די ביקס און דריי מאָל אויסגעשאָסן איבער מיין קאָפּ. איך בין געבליבן אַ שטיק צייט ווי פאַרטויבט.

— פאַנימאַיעש? האָסט מזל! איך האָב געמוזט אויסשיסן די קוילן ווייל כ׳קען זיך נישט איינהאַלטן פאַר דאַסאַדע הלמאי דו ביסט נישט דער אַנטלאָפענער פּאָליאַק. עך, ווען דו ביסט דער אַנטלאָפענער, וואָלט איך דיך איצט דורכגעלעכערט אַזוי ווי אַ זיפּ מיט די קוילן, צוגעבונדן צום פערד, דיך געבראַכט ביז דעם טויער פון טעמניקאָווער לאַגער און דיך דאָרט אַוועקגעשליידערט, אַז די סוקיני־סינעס, די וואָס פלאַנירן דאָס אַנטלויפן, זאָלן זען וואָס עס דערוואַרט זיי! דריי טעג וואָלסטו דאָרט געליגן! אין די נעכט וואָלטן דיך די הונגעריקע וואָך־הינט געפרעסן און קראָען וואָלטן דיך געפּיקט! אָקאַיאַנניע וורוּאַגי נאַראָדאַ!

פון ערגעץ ווייט־ווייט האָבן זיך דערטראָגן דריי שאָסן. דער הונט איז אויפגעשפּרונגען און אָנגעהויבן צו וואַיען וואַרפנדיק מיט דעם קאָפּ אַהין פון וואַנען עס זענען דערגאַנגען די שאָסן.

דאָס פערד האָט זיך פּלוצעם אַ שטעל געטאָן אויף די אונטערשטע

צוויי פיס, צעהירזשעט זיך און איז אַוועק מיטן רייטער לענגאויס דעם פאַרוואָקסענעם וואַלד־דורכהאַק.

דער הונט האָט געמאַכט אַ קרייז, אַריין אין בערעזניאַק, פון דאָרט איז ער אַרויס דורך דער גרינער פּאָליאַנע און נעלם געוואָרן אין די מאַזשעוויק־קוסטעס.

איך האָב אויסגעטאָן די אייבערשטע בלוזע. זי איז געווען צעריסן ביי די אַקסל און פאַרפלעקט מיט בלוט. דאָס העמד האָט זיך צוגע־קלעפּט צום לייב און אַז איך האָב עס אַראָפּגעריסן פון זיך, זענען מיך באַפאַלן אינזעקטן און באַזעצט זיך אויף די ווונדן.

נישט ווייט האָט זיך געצויגן אַ גרינער וואַסער־אָדער. איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און געטרונקען לאַנג דאָס וואַסער, דער־נאָך האָב איך אַרומגעוואַשן די ווונדן און צוגעלייגט צו זיי קלעפּיקע אַלשינע־בלעטער. איך האָב געוואַשן מיין העמד, געוואַשן דאָס פּנים, די בלוזע און געזען ווי אַ רויטלעכער שטראָם בלוט האָט זיך נישט געוואָלט אויסמישן מיט דעם גרינעם וואַסער פון קוואַל.

פאַטימאַ איז אומבאַמערקט צוגעקומען נאָענט צו מיר. איך האָב געזען איר שאָטן אַ וויברירנדיקן, אין גרינעם וואַסער־שפּיגל. זי האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, איבערגעבויגן איבער מיר און שטיל געשעפּטשעט; — אַ גאָט, דו ביסט פאַרבלוטיקט, דו ביסט פאַר־ווונדעט? עס איז פון אַ וואָלף? ווי בלייך דו ביסט? — אירע שוואַרצע האָר־לאָקן זענען געלעגן אויף מיין נאַקעטער ברוסט, אירע הענט האָבן לייכט באַרירט מיין אַקסל, מיינע הענט, מיין האַלדז. איך האָב דערשפּירט איר אָטעם און געפילט די וואַרעמקייט וועלכע פליסט אַריין אין מיר דורך די פינגערשפּיצן פון אירע דינע און לאַנגע פינגער.

— עס איז גאָרנישט... די ווונדן זענען נישט קיין טיפע... עס וועט זיך פאַרהיילן שנעל... קום, מיכאַיל שטעל זיך אויף — האָט פאַטימאַ גערעדט צו מיר.

עס איז מיר גוט געווען אַזוי צו ליגן און קוקן אין הימל אַריין.

ער איז געווען בלאַ און זיין בלאַקייט האָט אויסגעזען נאָך טיפער, וואָרעם סאָסנע־צווייגן האָבן זיך געוויגט איבער מיר און גאָר נאָענט האָב איך געזען די הענט פון דער קליינער טאָטערין, פאַטימאַ.

זי האָט מיר געהאָלפן אָנטאָן דאָס העמד און דערנאָך מיך געפירט ביים אָרעם ביז צו אונדזערעביידלעך. איך בין געזעסן נישט ווייט פון שייטער, און געהאַלטן אין די הענט דאָס הילצערנע שיסעלע מיט אַ ביסל קאָלטע זופּ. איך האָב דעם נאָכמיטאָג נישט געקענט מיטגיין האַקן דעם וואַלד. די ווונדן האָבן מיך געבריט און ביי יעדן פּרווו פון שטעלן אַ טריט, האָב איך געפילט ווי די ערד וואַקלט זיך אונטער מיר.

ווי לאַנג האָב איך אַזוי געדרימלט ביי דעם אויסגעלאָשענעם פייער? אפשר אַ שעה און אפשר מערער. מיר האָט זיך די גאַנצע צייט אויסגעדאַכט, אַז איך הער אַ טופּעריי פון פערדישע קאָפּיטעס, אַז סטאַדעס וועלף רינגלען מיך אַרום און אַז אויף די ביימער לויערן קראָען. מיר האָט זיך געוואָלט לויפן, נאָר איך האָב געשפירט די אָנמאַכט פון די פיס און עס האָט געפענטעט יעדן טריט מיינעם אַ גרוי־זילבערדיקער קראָפּעווע־קוסט, אַ געשלענגלטער, וואָס האָט ווי די פּעטלעס פאַרצויגן זיך אַרום מיינע פיס. איך בין געפאַלן, אויפ־געהויבן זיך און ווידער געפאַלן. אויסטערליש, דער וואַלד איז גע־וואָרן אַרום מיר געדיכטער און געדיכטער ווייל די ביימער האָבן זיך דערנענטערט צו מיר, די סטאַדע וועלף איז איצט געווען פון מיר אָפּגערוקט אפשר אויף דריי פיר שפּאַן און די קראָען האָבן שטומע געוואָרט אין שוואַרצער פאַרגליווערטקייט.

פאַטימאַ האָט מיך געוועקט. איך האָב זיך אויפגעזעצט און דער־זען, אַז לעבן איר שטייט אַן אַלטער פויער. איך האָב מער גאָרנישט געדענקט. נישט די פאַסירונג מיט דעם וואַלד־רייטער, נישט דעם אָטעם פון וואָלף־הונט און נישט דעם ווייטיק פון די ווונדן. איך האָב געדענקט נאָר פאַטימאַס הענט וועלכע האָבן געצערטלט מיין גוף און געשפירט נאָך אויף מיין ברוסט אירע שוואַרצע לאָקן.

דעם וואַלד־פויער האָב איך געדענקט פון ערשטן טאָג ווען מיר

זעבעון אַהער געקומען. איך האָב געוווּסט, אַז דריי וויאָרסט פון דאַנען האַלט ער זיך אויף אין אַ זעמליאַנקע. ער איז פון וואַלד אַרויס נאָר צוויי־דריי מאָל אין זיין לעבן. אַ ברייט פנים, ליכטיק, אַזוי ווי אַ פולע לבנה, אַ ווייסע באָרד און אַ טיפער שטערן, אַ געקנייטשטער. פאַטימאַ האָט אים געבראַכט צו מיר. ער האָט געשאָקלט דעם קאָפּ און געזאָגט; — סינאַק, איך קען זיי די וואָלף־הינט... אַהאַ... צו מיר וועלן זיי זיך נישט דערנענטערן... איך האָב אַ מיטל פאַר זיי... די וועכטער פאַרווילדעוועט זיי... דאָס איז דער סעזאָן פון אַנטלויפן... מען קען דען דאָרט אויסהאַלטן ?...

דער זקן האָט מיט די געלע ציין אויפגעקאָרקעוועט אַ פלאַש סאַמאָגאָן און מיר געגעבן צו טרינקען.

— עס איז שטאַרק. גיב אַ טרונק. וועסט דערוואַכט ווערן.

איך האָב אים געפאָלגט און עס האָט מיך ווי דורכגעברענט דעם האַלדז און די ענגשאַפט איז צעשפּאַרט געוואָרן.

— סינאַק, האַלט אויס! עס וועט אַ פלאַם טאָן אָבער דערנאָך וועסטו שפּירן אַ דערלייכטערונג.

ער האָט באַגאָסן מיינע צעריסענע ערטער אויף די אַקסל מיט דעם ספּירט. איך האָב צוגעשלאָסן די אויגן און פאַרביסן די ליפּן.

אין יענער נאַכט איז פאַטימאַ געקומען אַ שטילע און אַוועק־געלייגט זיך לעבן מיר אין דעם וואַלד־שאַלאַש. זי האָט צוערשט איינגעהערט זיך אין מיין אָטעמען און דערנאָך האָט זי באַרירט מיט איר האַנט מיין שטערן. זי האָט מיר געזאָגט: — עס איז געוואָרן צוויי יאָר ווי מען האָט מיין מאַן אַוועקגענומען. אַזעלכע הינט לויערן אויך אויף אים.

פאַטימאַ האָט געוויינט. איך האָב נישט געהערט איר געוויין נאָר געשפּירט אויף מיינע הענט אירע טרערן. זי איז געבליבן מיט מיר ביז פאַר טאָג.

— אַזויפיל פאַרדאַכט און שינאה איז פאַראַן אַרום אונדז און אַזוי ווינציק ליבשאַפט. אויך איך בין איבערגעפולט מיט ביטערניש

און מיט פּיין. איך קען זיי מער נישט איבערטראָגן. עס איז אַזוי שווער צו לעבן און נישט ליב האָבן.

פּאַטימאַ האָט מיך אַרומגענומען און אַ קוש געטאָן. איך האָב זיך אויפגעזעצט און איינגעהערט אין טריט.

— קיינער גייט נישט — האָט די טאַטערין געזאָגט.

— איך הער אַ ווייט, אַ גאַר ווייט פערד־געטופּ.

— דאָס פאַלן טרוקענע סאָסנע־שישקעס — האָט זי מיר געענטפערט.

— איך הער אַ שיסעריי. דריי מאָל האָט עס אָפּגעהילכט. מען האָט אַוודאי געפאַנגען דעם פּוילישן ייד, וועלכער איז אַנטלאָפן פון טעמניקאָווער לאַגער. ער ליגט איצט אַן אַדורכגעשאָסענער און איבער אים שטייט דער באַוואָפנטער וועכטער. מאָרגן וועט דער פאַרבלוטיקטער גוף פון אַ מענטש זיך וואַלגערן ביים טויער פון דעם איזאָלירטן וואַלד־ישוב פון פאַרשיקטע.

— רייד נישט אַזוי, מיכאַיל. די נאַכט איז געגעבן געוואָרן פון די הימלען פאַר רו און פאַר ליבשאַפט. האָב מיך ליב. גיב מיר צוריק דאָס וואָס זיי האָבן ביי מיר אַוועקגענומען. האָב מיך ליב.

אין אירע רייד איז מער נישט געווען די שטילקייט און דער געבעט. זיי זענען געווען מאָנענדיקע, באַפעלערישע.

— איך האַלט נישט אויס דיין שטילקייט. איך קען מער נישט לעבן אָן ליבשאַפט. האָב מיך ליב.

אירע הענט זענען געווען אָנגעשפּאַנט, די פינגער פאַרמאַכט אין פויסטן, די ליפּן האָבן זיך לויז צעשפּרייט און איך האָב זיי אָפּגעפילט אויף מיין האַריקער ברוסט.

עס האָט שוין געליכטיקט ווען מיר האָבן זיך לאַנג איינגעהערט אין אַן אויסגעצויגענעם געוואָי.

— מיכאַיל, שרעק זיך נישט. דאָס איז נישט קיין הונט פון אַ לאַגער־סטרעלאָק, דאָס איז אַן אמתדיקער וואָלף, שרעק זיך נישט פאַר וועלף. געפערלעך זענען נאָר די הינט פון די לאַגער־וועכטער.

צוערשט האָט אָנגעהויבן צו טונקלען דער שניי און דערנאָך דער הימל. איך האָב געקוקט אויף די שפּורן אין שניי וואָס האָבן זיך געמיניעט אַזוי ווי קופּער פון דער נידעריקער זון איבערן פּיאַלעטע־נעם וואַלדפּאַס, דערנאָך האָבן זיי זיך געזילבערט און צום סוף זענען די אַלערליי צייכנס פון פייגל־טריט, פון האָז, פון פוקסן און וועלף געוואָרן בלאָ און האָבן אויסגעזען ווי עמעצער וואָלט צעשפּרייט איבער די שניי־פלאַכן שטיקלעך פון אַ בלאָער מאָזאַיק. ווען די פעלדער האָבן זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אויסגעלאָשענעם פלאַך, אַ טונקל־גרויען און די אַלע צייכנס זענען פאַרשווונדן צוזאַמען מיט די נאַקעטע קוסטעס, מיט די פאַרשנייטע נידעריקע ביימלעך, מיט די סטערטשענדיקע גראָזן וואָס האָבן זיך די גאַנצע צייט אויסגעטיילט מיט אַזאַ קלאָרקייט, האָט מען בולטער אָנגעהויבן אָנזען די פאַר־שנייטע, נידעריקע כאַטעס פון דאָרף אַלעקסאַנדראָוואָ. פון די קוי־מענס האָבן זיך געוויקלט דינע שנירלעך רויך.

איך בין איצט געגאַנגען אויפן זעלביקן וועג וואָס האָט געפירט צו דעם וואַלד־פּערטל ווו פּאַטימאָ האָט מיר אין דער נאַכט געזאָגט אַז זי קען מער נישט לעבן אָן ליבשאַפט. איך האָב געטראַכט וועגן אַלטן וואַלד־היטער, דער וואָס האָט אין זיין לעבן בלויז עטלעכע מאָל פאַרלאָזט דעם וואַלד. וועלן מיר פאַרבייגיין זיין זעמליאַנקע? איך האָב די גאַנצע צייט עקשנותדיק געזוכט שפּורן אין שניי פוןביידע זייטן וועג. עטלעכע מאָל האָט זיך מיר געדאַכט, אַז איך דער־קען זיי און אַז איך פאַרשטיי יעדן ריץ, יעדן סימן אין דער בלאָ־שנייִקער וועלט.

מיר זענען געגאַנגען זעקס אין איין רייע, אָפּגערוקט איינע פון דער אַנדערער און געשטעלט עטוואָס איילי̇קע טריט, ווייל יעדער האָט געוואָלט אָנקומען קיין אַלעקסאַנדראָוואָ איידער נאָך די פינצ־טערניש פאַלט צו.

אַדריאַן האָט זיך אָנגערופן צו מיר:

— טשעוואָ? וואָס שווייגסטו די גאַנצע צייט? איך זע, אַז דו זוכסט עפּעס אין דעם שניי...

— קוק, אדריאַן! אויסערלעך דאַכט זיך אַז אַלץ איז דאָ אידיליש. אַזאַ ווייסע וועלט אָן אומשולדיקע... קוק זיך גוט איין וועסטו זען לויערנדיקע טריט פון אַ פוקס, איבערגעשראָקענע פון אַ האָז, שאַרפע שפּאָנען־שפּורן פון אַ רויב־פויגל וואָס האָט, אָט דאָרט, ווו עס טונקלען זיך שוואַרצע פעדערן, פאַרצוקט אַ קרבן. זע די וועלפישע טריט און דערלעבן טריט אין לאַפּטשעס, אוודאי פון אַ הונגעריקן קאַלכאָזניק וועלכער איז אַוועק נאָך די שפּורן פון אַ האָז כדי צו געפינען אים אין זיין באַהעלטעניש. דער שניי איז אַזוי אָפן און דאָך פול מיט סודות. אָט דאָ האָבן צוויי פעלד־טויבן געפּאַטשט מיט זייערע פליגל און דערנאָך געדרייט זיך לאַנג אין אַ קרייז פון ליבע...

אַדריאַן האָט זיך הילכיק צעלאַכט און דאָס געלעכטער האָט זיך אַלעמען איבערגעגעבן פון דער רייע.

— דעם זומער האָב איך געמיינט, אַז דו ביסט עפּעס אַ שטאָטי־שער דוראַק פון ווייטן פּאַלשע און אַז דו וועסט דאָ אונטערגיין ווי נאָר עס וועט אַ נעם טאָן דער ערשטער פראָסט. איך האָב דיך פאַר־טריבן פון דער טראַקטאָרנער בריגאַדע ווייל דו ביסט געווען פרעמד פאַר אונדז און איך האָב געזען, אַז דו טרינקסט נישט, דו קענסט ריכטיק נישט אַנוויקלען אַ „ציגן־פיסל" מיט מאַכאָרקע, פאַרקרומסט זיך בעת מיר בראָקן אַריין די קללות אין אונדזערע ביטערע רייד און אַז צוליב דיין דוראַצקן אויפפירן זיך מיטן נאַפט וועלן מיר דעם זומער אויסגיין פון הונגער. איצט, ברודערל, האָסטו אַן אַנדער ראַזשעץ! ביסט וואָרעם אַנגעטאָן. אַ באַביאַנקע האָט דיך באַגלייט, און נאָך וואָס פאַרא באַביאַנקע? דו רעדסט איצט ווי אַן אייגענער, ווי אַן אמתער מוזשיק, כאָטש דיין אויסשפּראַך איז פרעמדלעך. העי, לאָמיר צוזאַמען די טריט, לאָמיר איבעריאָגן די ערשטע רייען. איך קען אין אַלעקסאַנדראָווקע אַ כאַטע ווו עס לעבט אַ באַביאַנקע איינע אַליין. מיר איז שוין אויסגעקומען ביי איר צו נעכטיקן, בעת איך האָב געאַקערט די אַלעקסאַנדראָווער פעלדער. עס איז אַ גרויסע כאַטע. עס וועט זיין פּלאַץ פאַר אונדז אַלעמען. נאָר געדענקט, דאָס אָרט אויף דער פּיעטשקע איז מיינס — און די כאַזייקע איז מיינע...

איך וועל זיך שוין גוט דערוואַרעמען ביי איר. ווער ווייס ווי לאַנג מיר וועלן נישט זען די ווייבערישע פּאַראַדע ? אַהאַ...

אַדריאַן האָט צעשפּרייט די הענט און געקלאַפּט מיט זיי, אויף צו דערוואַרעמען זיך, אין די באַקעס. זעקס זענען מיר געווען. אויסער אַדריאַנען און מיר ; פּיעטקאַ דער קאַלכאַזנער פּרעדסעדאַטעל, אַגור־לייעוו — אַ בריגאַדיר פון שאַקשאַ, אַן אַנטרייבער־קאַניוך פון טעג־גושייער קאַלכאַז סטיאַפּקאַ, אַ בוכהאַלטער פון אַ זעמאַטדיעל אין ראַיאָנגעם צענטער, וואַסיליעוו.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין דאָרף אַריין איז שוין געווען פינצטער. די מיליטערישע באַגלייטער האָבן געריטן לענגאויס דער רייע און געהיטן, אַז מיר זאָלן זיך נישט צעלויפן איבער די כאַטעס.

— וואַרטן ! שטיין־בלייבן ! סוקיני־סיני ! פאַרגעסט נישט, אַז איר זענט מאָביליזירטע זעלנער ! פאַר אַרויסגיין פון דער רייע וועלן מיר משפטן !

אַדריאַן האָט מיך אַ צי געטאָן ביים אַרבל : „קום". מיר האָבן זיך אַלע זעקס אָפּגעטיילט פון דער מאַסע. דער פראָסט האָט געברענט מיט אַזאַ שאַרפקייט אַז עס האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אונדזערע שפּאַן אַזוי ווי אין קופער. צוערשט איז געגאַנגען אַדריאַן. די טריט אויפן קרילעץ האָבן געמאַכט ציטערן דאָס גאַנצע הייזל. אַ האַנט האָט געעפנט די טיר, אַראָפּגענומען דעם הילצערנעם פרענט.

— וואַלינקאַ, דאָס ביסטו ? אַדריאַשאַ איז עס... געדענקסט, טייַ־בעלע, ווי איך האָב דיר פאַראיאָרן צעאַקערט דיין אוסאַדבע ? עפן פאַר אַדריאַשאַן און זיינע באַגלייטער דיין טיר...

# קאַפּיטל פערצן

דער אַלטער טשוריל איז אָפּט געזעסן אין יענעם שפּעטן אָסיען פון ערשטן מלחמה־יאָר ביים געהייליקטן קוואַל פון דער וואַלד־פּאַליאַנע און געקוקט ווי עס פליען טשאַטעס פייגל פון מערב־זייט אויף מזרח. נישט איין מאָל האָט ער אָנגעטראָפן סאַרנעס, פוקסן און הירשן. זיי זענען געבליבן אַ שטיקל צייט ביי דער וואַלד־פּאַליאַנע, געשנישטערט צווישן די גראָזן, געטרונקען דאָס קוואַל־וואַסער און מיט שרעק געפּרוווט דערנענטערן זיך צו דעם זקן מיט דער ווייס־געקאַלטנטער באָרד. כאָטש זיין פּנים איז געווען מילד און זיינע אויגן ליכטיק ווי דאָס קוואַל־וואַסער און די הענט זענען געווען פאַרלייגט ווי צו אַ תּפילה, האָבן זיך די חיות נישט געטרויט צו דערנענטערן. זיי זענען געלאָפן אויף מזרח.

טשוריל האָט געוווּסט, אַז פון מערב קומט מלחמה. אַהין פליען פון די אַרומיקע וועלדער די קאַרשונעס און שפּאַרבעס. די חיות, וואָס שלייכן זיך אין די נעכט אויף מערב זענען בלוטדורשטיק, זיי גייען אָנטקעגן די שלאַכטפעלדער, כדי דאָרט צו שטילן זייער בלוט־דורשטיקן הונגער.

די וועלדער זענען אַן אָפּצווייג פון אַ וואַלד־מאַסיוו, וואָס ציט זיך פון ווייסרוסלאַנד ביז סמאָלענסק און פון דאָרט צפונדיק פון מאָסקווע ביז אוראַל און סיביר. נישט תּמיד איז דער וואַלד־מאַסיוו פון נאָדלביימער. אויף טייל ערטער, ווו דער באָדן איז אַ זומפּיקער, דאָמינירן בלעטערביימער און קוסטעס, ענג־פאַרפלאָכטענע. צווישן זיי ציען זיך שמאָלע אָקס־וועגלעך און שטעגלעך, וואָס די פּויערים

האָבן דאָס אויסגעלייגט מיט דער הילף פון צווייגן באַשאָטענע מיט ליים און ערד.

טשוריל איז באַקאַנט געווען אין דער געגנט אַלס הייליקער מענטש פון דער סעקטע אמתדיקע רעכטגלויביקע קריסטן. אין די דערפער מאַלאַכיי, ליקאַוואַ, באַטיגאַ, קאַלאַדאַן און זמאַרינקאַ, זענען אַלע זקנים געווען אַנגעשלאָסן אין דער סעקטע. זי איז אַנטשטאַנען אין דער זעלביקער צייט, ווען עס זענען אויפגעקומען די קאָלכאָזן און די וולאָסט האָט מיט כוח דורכגעפירט די קאָלעקטיוויזאַציע. די מענטשן פון דער סעקטע האָבן נישט געגלויבט אין די רייד פון די מאַכט־פאַרשטייער און כדי זיך צו שיצן קעגן פאַלשע באַשולדיקונגען האָבן זיי איינגעפירט דעם מינהג פון שווייגן, פון נישט ריידן מיט מענטשן. זיי האָבן אויך איינגעפירט דעם פאַרבאָט צו געניסן פון טאָגליכט אין זייערע היימען. די פענצטער פון די סעקטע־שווייגערס זענען געווען פאַרמויערט מיט ציגל.

קיין שום רדיפות האָבן נישט געהאָלפן. די זקנים האָבן געשוויגן בעת די אַרבעטן אין קאָלכאָז, זיי האָבן נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט ווען מען איז געקומען צו זיי פון דער וולאָסט. די פויערים האָבן געטאָן מיט שטילער הכנעה דאָס, וואָס מען האָט פאַרלאַנגט פון זיי. אין דער היים זענען זיי געזעסן אין דער פינצטערניש און בעת די אָרעמע מאָלצייטן, האָבן זיי געצונדן טרוקענע שפּענדלעך, אָדער קין. פייער האָבן זיי אויסגעהאַקט פון קיזל־שטיינדלעך. פיל האָט מען פאַרשיקט. אַ טייל האָט אַנגעהויבן אַרומצוואָנדערן נע־ונד איבער די דערפער פריידיקנדיק גבואות אַזוי לאַנג, ביז זיי האָבן באַקערט נייגלויביקע צו דער סעקטע און דעמאָלט, זענען זיי ווידער געוואָרן שווייגערס. אפילו אין דער פאַרשיקונג האָבן די גלויביקע פון דער אויסטערלישער סעקטע שווייגערס, אָנגעהויבן צו געווינען אָנהענגער, אי צווישן די פאַרשיקטע און אָפטמאָל אויך צווישן די וועכטער.

אַ פאַרשטייער פון דער מאַכט האָט לאַנג געפאָרשט די אָנהענגער

פון טשורילס סעקטע, געפּאַרשט די מענטשן פון די שכנותדיקע דער־פער מיט דער הילף פון דער מיליץ און דער נ.ק.וו.ד. ביז עס איז געקומען אַ באַפעל פון דער העכערער מאַכט, אַז מען זאָל זיי נישט פּאַרשיקן און נישט פּאַרטרייבן און, אַז די דערפער זאָלן עטלעכע יאָר געפינען זיך ווי אין אַ קאַראַנטין־מצב; נישט אַריינלאָזן אַהער קיין נייע תושבים און נישט אַרויסלאָזן פון דאַנען די פּויערים אין די שטעט אַריין. אָפּשניידן די דערפער פון דעם איבעריקן טייל פון לאַנד. עס איז שוין אָבער געווען שפּעט: אין פּאַרשידענע טיילן פון רוסלאַנד, ווי אין טאַמבאָווער געגנט, אין ריאַזאַנער, אין וולאַדי־מירער און אויך אין אַ רייע דערפער פון אוראַל, האָבן די פּויערים אָנגעהויבן צו פּאַרמויערן מיט ציגל די פענצטער און אויפגעהערט צו ריידן.

דער ערשטער, וואָס האָט געבראַכט קיין מאַלאַכיי די לערע פון דער סעקטע איז געווען טשוריל. ער האָט אין אַ הילצערנער כאַטע אין מיטן דאָרף צונויפגענומען עטלעכע פּויערים און אָנגעהויבן צו פּריידיקן, אַז דער גאָט־זון קען אָן שום פּאַרמיטלונג פון פּאָפּן דירעקט זיך פּאַרבינדן מיט גלויביקע. דער גייסט פון אַלמעכטיקן קען הייליקן, אָן דער הילף פון גייסטלעכע, וועלדער,ביימער, אָזיערעס, שטיינער, הייזער און אויך איינצלנע גלויביקע. גאָט איז אומעטום, ווו די גלויביקע רימען אים. די באַגעגעניש מיט אים קען פּאַרקומען אומעטום ווו מען טוט תפילה, מען דאַרף נישט קיין פּאָפּן, קיין קירכעס צו דעם. זייערע תפילות זענען פּשוטע, אין די הימען. פון דאַנען רופן זיי צום אַלמעכטיקן כריסטאָס, אַז ער זאָל קומען און באַזוכן די וועלט. זיי מאַכן נאָך די געהיימעניש פון „מאַלצייט" און עסן טרוקן ברויט און טרינקען וואַסער פון דעם געהייליקטן קוואַל. זיי זענען זיך מתוודה נישט ווי די פּראַוואָסלאַוונע אין יחידות, נאָר פּאַר אַלעמען, אָפּן, בעת די יום־טובים. דאָס טויפן קומט פּאָר ביי אַ פּאַרפרוירענעם טייך. דריי מאָל ווערט דער געטויפטער איינגע־טונקען אין פּראָרוב, וואָס איז אויסגעהאַקט אין אייז אין דער פּאָרעם פון אַ צלם.

פון וואַנען טשוריל האָט געבראַכט קיין מאַלאַכיי די לערע פון דער סעקטע האָט קײנער נישט געוווּסט.

דער אָנהייב איז געשען טאַקע אין יענעם טאָג, ווען ער האָט אין דער כאַטע אָנגעהויבן צו פּריידיקן זיין לערע. אַלס באַווייז אַז זי איז אַ געטלעכע און דער אַלמעכטיקער אַליין הערט זיינע רייד, ווייל ער איז דאָ איצט צווישן די פאַרזאַמלטע, האָט טשוריל געזאָגט: „קומט צו נענטער, נעמט זיך אַלע פאַר די הענט. קומט אין דעם טייל כאַטע, ווו איך רוף אייך, ווייל אַ פייער וועט זיך אָנצינדן און דאָס פייער וועט פאַרברענען נאָר דעם טייל פון דער כאַטע, וואָס וועט זיין ליידיק און אין דעם טייל ווו מיר וועלן שטיין איינגעקלעמטע, אָרעם צו אָרעם, וועט דאָס פייער קיין שליטה נישט האָבן".

און אַזוי איז עס געשען: אַ פייער האָט אויפגעפלאַקערט און אַ האַלבע כאַטע, די ליידיקע, איז פאַרברענט געוואָרן און די האַלבע כאַטע, ווו ס'איז געשטאַנען טשוריל מיט אַלע זיינע מענטשן, איז געבליבן אומבאַרירט.

מען איז געקומען פון די שכנותדיקע דערפער זען דעם ווונדער.

די ערשטע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם נייעם גלויבן פון די „אמתדיקע רעכטגלויביקע קריסטן" די פרויען און נאָך זיי די מענער. די האַלב־פאַרברענטע הילצערנע כאַטע איז פאַרהייליקט געוואָרן, ווייל אַלע האָבן באַשיימפערלעך געזען, אַז גאָטס גייסט איז דאָ געווען. מען האָט אָהער געבראַכט קראַנקע, לאָמע. שטומע.

מוטערס זענען געקומען מיט אויסגייענדיקע עופהלעך אויף די הענט און מען איז אַפּגעלעגן אויף די שוועלן פון דער האַלב־פאַר־ברענטער כאַטע טעג גאַנצע.

טשוריל האָט אָפּט פאַרלאָזט מאַלאַכיי און אָנגעהויבן צו פּריידיקן אין די שכנותדיקע דערפער. „אַזוי ווי די פלאַמען האָבן נישט געהאַט קיין שליטה אויף דעם טייל פון דער כאַטע, ווו מיר זענען געווען פאַרזאַמלט, אַזוי וועלן מיר אַלע, רעכטגלויביקע, געראַטעוועט ווערן פון וועלט־חורבן, וואָס דערנענטערט זיך".

דעם קוואַל אין וואַלד האָבן זיי געהייליקט. אַהער פלעגן קומען

די רעכטגלויביקע נאָך דעם ווי די מאַכט האָט צעוואָרפן די האַלב־פאַרברענטע כאַטע. זיי האָבן אַ נדר־געטאָן, אָפּצוזאָגן זיך פון אַלע ערדישע פאַרגעניגנס, אַזוי לאַנג, ביז דער הייליקער גייסט פון אַל־מעכטיקן וועט נישט אַנגעמען בלוט און פלייש און באַווייזן זיך צווישן די מענטשן. זיי האָבן באַשיימפּערלעך געאַנט, אַז ער איז דאָ גאָר נאָענט. אַז ער וואַרט נאָר אויף אַ צייכן און דער צייכן דאַרף זיין די ריינקייט פון דער נשמה און ריינקייט פון גוף. די מענער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו באַשלאָפן זייערע פרויען. אין די נעכט פלעגן זיך טראָגן ווייבערישע געיאָמערן, וואָס האָבן זיך אויס־געמישט מיטן געיאָמער פון די שטוב בעל־חיי. די מענער זענען דעמאָלט אַוועק צום קוואַל, געטונקען זייערע גופים אין קילן וואַסער און שווייגנדיקע געקוקט צום מזרח, ווו אַלץ איז געווען פאַרנעפּלט פון דער וואַלד־ראַסע. זיי האָבן תפילה געטאָן ביז פאַרטאָג ווען עס האָט אָנגעהויבן צו ליכטיקן אין דער געוויקסן־געדיכטעניש.

אין איינעם אַזאַ פאַרטאָג איז געקומען צו לויפן די פויערטע באַסטיאַ קליקאָוואַ צום קוואַל, ווו עס זענען געזעסן די גלויביקע פון דער סעקטע. זי האָט אַראָפּגעריסן פון זיך די קליידער און גערעדט וועגן דעם הייליקן, וועלכן זי וויל זיך איצט אָפּגעבן. „עס מוז דאָך עמעצער זיין אויף דער וועלט, וואָס וועט נישט דערלאָזן דערצו, אַז מען זאָל אַזוי באַליידיקן איר געלעגער".

די גלויביקע האָבן נישט געענפערט אויף אירע רייד. זיי האָבן נישט געוואָלט ברעכן זייער נדר.

דער פאַרטאָג איז געווען אַ נעפּלדיקער, פון די צווייגן האָבן געטריפט ראַסע־קאַפּליעס אויף דעם שפּיגל פון קוואַל. ער איז געווען דורכזיכטיק און עס איז אויסגעקומען, אַז דאָס איינציקע ליכט, וואָס לייכט אין דעם פאַרטאָג, איז דאָס ליכט, וואָס קומט פון קוואַל־טיפעניש.

— ער האָט זיך באַוויזן! ער איז דאָ אין קוואַל! פון דאָרט קוקט ער אַרויס מיט זיינע ליכטיקע אויגן! זעט זיין געטלעכע פּראַכט! — האָט געשריען די פויערטע.

זי האָט זיך אויסגעטאָן און אַריינגעשליידערט אַ נאַקעטע אין קוואַל אַריין. די פֿויערים האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני און אָנגעהויבן אַרויסצוציען נאַסטיען פֿון קוואַל. זי האָט זיך געווערט מיט עקשנות און מיט עפּעס אַ ווילסטער הנאה, וואָרעם עס האָט זיך איר אויף אַן אמת אויסגעדאַכט, אַז אויפֿן דנאָ פֿון קוואַל איז איצט פֿאַראַן ער אַליין, דער זון־גאָט און אַז ער וויל זי, אַז ער איז צו־פֿרידן, וואָס זי האָט אים דאָ אנטפּלעקט. די פֿעסטע הענט פֿון די אַלטע מענער, האָבן איר וואָך געמאַכט. זי האָט געוואָלט, אַז דער געראַנגל זאָל וואָס לענגער אָנהאַלטן.

דאָס קוואַלוואַסער איז געווען אין פֿאַרטאָג מילד און עס איז אויסגעקומען, אַז איר גאַנצער גוף ווערט געצערטלט פֿון עפּעס וואָס איז אַזוי ווייך און ליבלעך און אַז דער תּענוג צעגייט זיך צוערשט אין אירע בריסט און דערנאָך אין גאַנצן קערפּער. זיי האָבן לאַנג געראַנגלט זיך מיט איר, ביז מען האָט זי באַוויזן צו באַוועלטיקן און אַרויסצושלעפּן פֿון קוואַל. דעמאָלט האָבן זיי באַמערקט, אַז נאַסטיעס גוף בלוטיקט. דאָס האָט זי מיט די נעגל געריסן די הויט און ריטשקעס בלוט האָבן פֿאַררויטלט דעם קליינעם און שטילן קוואַל.

איבער דער וואַלד־פּאָליאַנע איז אויפֿגעגאַנגען דער פֿולער טאָג. דער קוואַל איז איצט געווען זילבערדיק־ראָז פֿון נאַסטיעס בלוט. און אומגעריכט פֿאַר אַלעמען איז עפּעס געשען: נאַסטיע האָט פֿאַרדעקט מיטביידע הענט דאָס פּנים און איר נאַקעטער גוף האָט אָנגעהויבן צו ציטערן. זי האָט אָנגעהויבן צו ריידן וועגן גאָט, וועלכן זי האָט אים דעמאָלט געזען ווי ער איז געשטאַנען מיט צעשפּרייטע הענט און פֿאַרצוימט די פֿלאַמען, אַז זיי זאָלן זיך נישט דערנענטערן צו טשורילס מענטשן. אויך איצט איז ער דאָ געווען. „איך האָב אים געפֿילט מיטן גוף און פֿון היינט אָן איז מיין גוף געהייליקט. איך בין אויסגעטאָן געוואָרן פֿון אַלעם ערדישן און וועל זיך פֿון היינט אָן איבערגעבן די הימלען”.

נאַסטיע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני פֿאַר איר מאַן און

געבעטן מחילה, פאַרוואָס זי האָט אים אין די נעכט נישט געגעבן קיין רו און צוגערעדט צו זינד. זי האָט געקושט דאָס גראָז לעבן זיינע פיס און זיינע לאַפּטשעס. און אַזוי ווי עס איז אָנגעקומען די צייט פון זייער פרימאָרגן־תּפילה. האָבן זיך אַלע איינגעבויגן און געטרונקען דאָס קוואַל־וואַסער, וואָס איז געווען ראָזלעך פון נאָס־טיעס בלוט.

פון דעם טאָג אָן האָבן די סעקטע־מענטשן, יעדעס יאָר, צום אָנדענק פון נאָסטיעס אָנטפּלעקן זיך, פאַרזאַמלט זיך פאַרטאָג ביי דעם קוואַל און מיט קליינע ווונדן פון אַ פרויען־גוף געלאָזט אַריינ־שטראָמען עטלעכע טראָפּנס בלוט אויף דעם קוואַל־שפּיגל און גע־טרונקען דאָס וואַסער.

די ערד אין די דערפער איז געווען אַ מאָגערע, אויף טייל ערטער אַ זאַמדיקע מיט נידערונגען באַוואַקסענע פון אַלכע־קוסטעס און האָזן־קזשאַקעס. די פּאַשע־פעלדער זענען געווען פאַראומרייניקט מיט שטעכיקע גראָזן און מיט אַלערליי קראָפּעוועס. די תּבואה־פעל־דער האָבן זיך געצויגן אָוועק ווייט פון די דערפער און עס איז נישט געווען לייכט איינצוזאַמלען דעם שניט מחמת די אַלע פאַרהילצערטע אַרויסשפּראָצונגען, וואָס האָבן זיך געמערט מיט יעדן יאָר. די זקנים האָבן געזאָגט, אַז דאָס שפּראָצן זיי מיט אַזאַ עקשנות, ווייל די ערד איז פול מיט וואָרצלען פון שלעכט־געקאָרטשעטע ביימער. אַחוץ דעם האָבן די פרילינגדיקע רעגן־שטראָמען איינגעשניטן זיך אין דער ערד און ווען עס איז געקומען די צייט פון זומער־פּאַרזיי, זענען דאָרט געווען קאַנאַוועס.

זמאַרינקע האָט געהאַט פּאַשע־פעלדער און אָן ערד, וואָס איז גוט געווען פאַר צוקער־בוראַקעס. אין די טאָלן, לעבן די וואַסער־אָדערן פון די רעגנס, האָבן זיי געהאַט די גערטנער מיט קרויט און קאַר־טאָפל. אין קאָלאָדאָן האָט מען געזייט גריקע און האָבער. אין דאָרף באַטיגאַ האָט מען געהאָדעוועט פּי, באַאַרבעט די זאַמד־ערד און אַרויסבאַקומען פון דאָרט קאַרטאָפל און אַ נידעריקן סאָרט ווייץ. אין

ליקאָוואָ, האָבן די פּויערים געהאַקט דעם וואַלד, באַאַרבעט די קאָל־כאָז־גערטנער און געהאָדעוועט הינער און בהמות. דאָס געהילץ, די ירקות, די אייער און די מילך האָבן זיי צוגעשטעלט אין דעם נאָענטן שטאָט־צענטער. דער קאָלכאָזנער פּרעדסעדאַטעל האָט זיך דאָ לאַנג נישט געהאַלטן. יעדעס יאָר האָט מען געבראַכט פון דער פרעמד אַן אַנדערן און אַזוי ווי ער איז געקומען אומגעריכט, אַזוי איז ער אין אַ שיינעם טאָג, אומגעריכט, נעלם געוואָרן. מען האָט געוווּסט, אַז עס גייט־אָן אַ שטילער געראַנגל אין שטאָט־צענטער ווער עס זאָל פון זיי האָבן אַן אייגענעם מענטש אין ליקאָוואָ. וואָרעם עס איז געווען דאָס רייכסטע דאָרף פון דער גאַנצער סביבה. מאַלאַכיי איז געלעגן נאָענט צום וואַלד. אפשר אַ הונדערט סאָזשען פון די כאַטעס האָט זיך אָנגעהויבן דער וואַלד. דער קאָלכאָז איז געווען אַן אָרעמער. די ערד איז געווען נישט באַאַרבעט. די יונגע מענטשן זענען אַוועק פון דאָרף. עטלעכע מאָל האָט מען אַהערגעבראַכט נייע אייַנוווינער, וויעליקאָ־רוסן. זיי האָבן אָבער נישט געקענט אויסהאַלטן אין דעם דאָרף, וואָרעם די זקנים האָבן מיט זיי נישט גערעדט. מען האָט אַרויסגעוויזן אַן אומווילן צו די נייע מענטשן, ווייל זיי זענען געקו־מען אין כאַטעס, וועלכע נישט זיי האָבן געבויט, נאָר מען האָט זיי דאָס אַוועקגעשאָנקען. די זקנים האָבן נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דעם, וואָס די אַרטיקע אייַנוווינער זענען פאַרשיקט געוואָרן. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר די וויעליקאָ־רוסן און אַרויסגעוויזן צו זיי אַ שטילע פאַראַכטונג. אַזוי ווי די פּויערים פון ליקאָוואָ האָבן זיך אויס־געטויגט אויף וואַלד־העקעריי, האָט מען זיי געטריבן אין די וועל־דער אַריין צו האַקן האָלץ פאַר אַ נייער באַן־ליניע, וועלכע האָט געדאַרפט דורכשניידן אַ וועג אין די וועלדער.

אין מאַלאַכיי האָט מען יאָרן לאַנגע פאַרנאַכלעסיקט די תבואה־פעלדער. מען האָט נישט געגעבן די פּויערים קיין פרייע צייט צו באַאַרבעטן די קליינע שטיקלעך ערד, אַ פערטל פון אַ העקטאַר, וואָרעם זיי זענען געטריבן געוואָרן צו דער אַרבעט טאָג־טעגלעך פון זון־אויפגאַנג ביז זון־אונטערגאַנג.

אפילו אין די ווינטערן האָט זיך די אַרבעט אין וואַלד נישט אָפּ־געשטעלט; מען האָט אַרויסגעפירט דאָס געהילץ אויף שליטנס. פיל פויערים פון מאַלאַכיי, באַזונדערס די זקנים, האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו אַרבעטן אין וואַלד. זיי זענען אַ טאָג געגאַנגען, און צוויי דורכ־געלאָזט. אַלס שטראָף האָט מען אָפּגענומען ביי זיי די קליינע אוסאַד־בעס, וועלכע זיי האָבן געהאַט ביי דער שטוב. פון די גערטנדלעך ביי דער שטוב האָבן די פויערים אַראָפּגענומען אַ פופציק פּוד קאַרטאָפּל און אַ צוויי־דריי פּעסער אוגערקעס מיט עטלעכע בינטן ציבל. פון וואַלד האָבן זיי געבראַכט שוואָמען און זיי געטריקנט, אָדער איינגע־לייגט אין פעסלעך. אַזוי האָבן זיי זיך דורכגעשלאָגן. אָן די גערטנער זענען זיי אויסגעשטעלט געוואָרן אויף הונגער. פויערים־משפּחות, וועלכע האָבן געהאַט אַ סך קינדער, האָבן נישט געקענט אויסקומען פון דעם פּיצל ערד און זיי האָבן געהיימערהייט, בעת זיי זענען גע־ווען אין וואַלד און געהאַקט דיביימער, אויסגעזוכט שטיקלעך ליכ־טיקע וואַלד־ערטער און דאָרט צעגראָבן אַ פּאָר גריבלעך און פאַר־זעצט אַ צוויי־דריי קאַרטאָפּל. אויף אַ צווייט אָרט האָבן זיי פאַרזייט אַ גאָרשטש תבואה־קערנער, אָדער פּראָססאָ. זיי פלעגן פון צייט צו צייט, אין די זומערן, אַ בליק טאָן ווי עס וואַקסט, אונטערגראָבן די קאַרטאָפּל, אָדער צונויפזאַמלען עטלעכע פרישע אוגערקעס פון די בייטן און זיי אַהיימברענגען, אַז קיינער פון די וואַלד־אויפזעער זאָל חס־וחלילה נישט דערזען. אַזוי האָבן די מאַלאַכייער פויערים פון דער סעקטע, געהיימערהייט, באַאַרבעט פּיצלעך וואַלד־ערד, ערגעץ אין די גערדיכטענישן, ווייט פון מענטשלעכע אויגן, בעת לעבן זייערע כאַטעס און אַרום מאַלאַכיי האָט פראַנק און פריי די ערד גע־פוסטעוועט.

דער געהיימער אופן פון באַאַרבעטן שפּאָטפּיצלעך ערד, דאָס שווייגן, די פאַרלייגטע פענצטער מיט שטיינער, האָט נאָך מער דער־ווייטערט טשורילן און זיינע מענטשן פון די איבעריקע איינוואוינער פון דאָרף און די מאַכט־פאַרשטייער.

# קאַפּיטל פופצן

די פויערים האָבן קיינעם נישט געטרויט. בעת זיי זענען אַוועק צו די פּיצלעך ערד ווו עס האָט געוואַקסן, פאַרבאָרגן פאַר קאָלכאָזניע בריגאַדירן, אַ קוסט קאַרטאָפל אָדער אַ זשמעניע ווייץ־זאַנגען, האָבן זיי זיך לאַנג אַרומגעקוקט אויב מען זעט זיי נישט, אויב מען שפּירט זיי נישט נאָך. זיי האָבן זיך אויסגעלערנט דערקענען די אַלע ערטער אין וואַלד לויט הונדערטער סימנים. אָפטמאָל זענען זיי געגאַנגען אין וואַלד אַריין אין די נעכט און אַז זיי האָבן אָנגעטראָפן אַ שטיקל ערד, באַאַרבעט פון אַ שכן, האָבן זיי דאָס געשוויגט אַזוי ווי אַן אייגנס. זיי האָבן נישט אָנגערירט יענעמס פּראַצע. ווען זיי האָבן זיך דערנאָך באַגעגנט, האָבן זיי דורך פאַרשיידענע צייכנס, געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָרט ווו דער שכן האָט פאַרזייט, געהיימערהייט, צייטיקט זיך שוין.

אין די וואַנדערונגען פון וואַלד־ ווינקל צו וואַלד־ווינקל האָבן זיי געהאָט גענוג צייט דורכצוטראַכטן וועגן דעם אויסטערלישן דרך פון גאָטס פירעכצן. זיי האָבן אים אָפט באַגעגנט און מיט אים אייגגעטענהט. זיי האָבן גאָטס זון דערזען אין אַ בוים וואָס האָט פּלוצעם אַ שפּאַר געטאָן מיט ליכט, אַמאָל אין דעם געפלאַטער פון אַ פויגל וואָס האָט געפּאַטשט מיט די פליגל און זיך נידעריק אַראָפּגעלאָזט, ממש ביז צו דעם מענטשנס קאָפּ. אָפטמאָל, אין דעם געשאָרך פון אַ הירש וואָס איז געשטאַנען ביים קוואַל און געטרונקען.

אין יענעם שפּעטן אָסיען־טאָג ווען דער אַלטער טשוריל איז געזעסן ביים וואַלד־קוואַל און איבערגעחזרט די רייד פון ישעיה וועגן „דער שלעכטיקייט וואָס ברענט ווי אַ פייער, זי פאַרצערט דערנער

און ווילד־געוויקסן, און צינדט די געצווייגן אין וואַלד, ביז זיי קנוילן זיך אין זיילן פון רויך" — האָט ער דערהערט אַ געשאַרך אין די פּאַרטריקנטע בלעטער. מיט אַן אָנגעשטרענגטן בליק האָט ער גע־קוקט צום וואַלד און אַ פּאַרכטיקער ציטער האָט אויפגעוועקט אין אים אַלע חושים. איז עס געוועזן נאַסטיאַ קליקאָוואַ, אַז אַטאַ דאַ, אַרום קוואַל, וואַנדערט אַרום ער אַליין? און וויפל ער האָט נישט פאַרהייליקט נאַסטיאַן און איר זעונג, האָט ער דאָך געהאַט ספקות די לעצטע צייטן, וואָרעם נאַסטיאַ האָט אַרויסגעוויזן משונה־דיקע סימנים פון אַ גאַט־באַזעסנקייט וועלכע האָט אָנגעהויבן אָנ־צונעמען ערדישע פאָרמען. זי פלעגט קלאַפּן אין טשורילס כאַטע אין די נעכט און ער האָט איר געמוזט עפענען. זי איז געקומען אַ פאַר־הילטע אין אַ פּאַטשיילע פון רוי־געפלאַכטענע קאַנאָפּליעס און געבן צייכנס, אַז זי וויל זיך מתוודה זיין. איר פּנים האָט געפלאַמט פון דער טונקלעניש אַרויס און די אויגן האָבן געגליט ווי די פּאַרפּירע־רישע נאַכט־ליכט.

נישט איין מאָל האָט דער זקן געשפּירט, בעת איר שווייגנדיקן מתוודה זיין זיך, אירע הייסע הענט אַרום זיינע באָרוועסע פיס. זי פלעגט וויינען שטיל אַ פאַרקנוילטע ביי זיינע פיס ביז פאַרטאָג. און וויפל ער האָט נישט געוואָלט אַרויסרופן צו הילף דעם הייליקן, וואָס האָט זיך דעמאָלט אַנטפּלעקט פאַר איר ביים קוואַל, האָט ער מער נישט געקענט.

טשוריל האָט זיך אָנגעהויבן צו שרעקן פאַר נאַסטיאַ קליקאָוואַ, אַז זי זאָל נישט די צייכנס פון ערדישקייט אָפּן אַרויסברענגען פאַרן ליכט פון טאָג, וואָרעם דעמאָלט וועט די סעקטע שווייגערס זיך צעפאַלן.

טשוריל האָט צופיל געשטעלט אויף נאַסטיאַן און אין זיינע וואַנ־דערונגען איבער דערפער האָט ער פאַר אַלעמען געהייליקט איר נאָמען און זי איז געשעצט געווען ביי דער גאַנצער עדה ווי די איינ־ציקע, וועלכע האָט געזען גאָטס זון און דאָס האָט זי פאַרהייליקט.

גראָד האָבן די פּאָפּן אָנגעהויבן אַ וויסטע העצע קעגן טשורילס

מענטשן. די וולאַסט האָט דערלויבט עפענען די צערקוועס וועלכע זענען געווען פאַרמאַכט זייט דער רעוואָלוציע. פאַפּן האָבן אָנגעהויבן רופן די פּויערים ווידער אויפצונעמען דעם פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן. זיי האָבן געמסרט פאַר דער מאַכט, אַז די סעקטע שווייגערס זענען פּאַגאַנעס. אַזוי ווי פיל תושבים פון די שכנותדיקע דערפער אַרום מאלאכיי האָבן פאַרהייליקט נאַסטיאַן און זענען אַמאָל עדות געווען פון דעם נס מיט דער שריפה אין דער כאַטע, ווו ער אַליין האָט מיט זיינע צעשפּרייטע הענט באַשיצט די גלויביקע — האָבן גאַרנישט געקענט אויפטאָן די פרעמדע פאַפּן וועלכע האָבן זיך דאָ באַוויזן. די פענצטער זענען אַלץ געווען פאַרמויערט און די פּויערים זענען זיך צונויפגעקומען יעדן זונטיק אָפּריכטן זייערע שווייגנדיקע תפילות ווו אויבן־אָן איז געזעסן נאַסטיאַ קליקאָווע.

דאָס געשאָרך צווישן די וואָלד־קוסטעס האָט זיך איבערגעחזרט און טשוריל האָט באַשיימפּערלעך געזען ווי אַ שאָטן האָט זיך אַ וויג געטאָן. דאָס איז געווען אַ בלאָער שאָטן, וואָס האָט זיך פאַר־וואַנדלט אין אַ ליכטזייל.

ווען דער פרעמדער האָט זיך דערנענטערט צו טשורילן איז דאָס ליכט פּלוצעם אויסגעלאָשן געוואָרן און פאַר אים איז געשטאַנען אַ יונגער מענטש מיט אַ פאַרוואַקסן פּנים, אַ הויכער שטערן, אויס־געשפּרייטע הענט, טיף אַרייינגעזעצטע אויגן. אַ מילדקייט האָט געשפּרייט דער נע־ונדער. פון זיינע ליפּן זענען געקומען רייד, שטילע ווי דער בלעטער־געשאָרך. די פּויערישע קליידער, פון אַ גרין־מאַכיקער קאָליר זענען געווען פאַרקנופּט מיט אַ גאַרטל. די באָרוועסע פיס, ציכטיקע, האָבן קוים באַרירט די ערד.

עס איז איצט געשטאַנען פאַר אים אַ געוויינטלעכער מענטש, וועלכן מען האָט געקענט אָננעמען פאַר איינעם פון די פאַרבלאָנ־קעטע סאָלדאַטן וועלכע זענען אנטלאָפן פון געפאַנגענשאַפט, פאַר אַ געראַטעוועטן פון די בייזע הענט פון רשעות, וואָס האָט מורא פאַר דער מאַכט, פאַר אַן אַנטרינענעם, פאַרמשפּטן צו פאַרלענדונג, אָדער

פאַר אַ דינער פון גאָט, וועלכער געפינט נישט קיין רו צווישן דער שלעכטיקייט וואָס פלאַקערט אויף דער זינדיקער ערד.

זיי זענען איצט געשטאַנען פנים אל פנים, דער זקן און דער פרעמדער. טשוריל האָט געקוקט אויף דעם פרעמדן און געטראַכט וועגן דעם ליכטזייל וועלכער איז פאַרגאַנגען. ער האָט געזוכט סימנים פון דעם ליכט, באַטראַכט דעם מענטש און נישט באַנומען ווער דאָס קען זיין; וואָרעם פון די איינצלנע ווערטער, וואָס דער פרעמדער האָט אַרויסגערעדט, האָט טשוריל דערהערט נאָר דאָס וואָרט ברויט. טשוריל האָט גענומען זיין וואַנדער־טאָרבע, אַרויסגעוויקלט פון לייוונטלעך אַ שטיקל ברויט און עס אויסגעשטרעקט צו דעם וואַנדערער.

אין דער רגע ווען דער נע־ונדער מענטש האָט גענומען דאָס ברויט אין די הענט אַריין איז פון וואַלד אַרויסגעלאָפן אַ סאַרנע און פאַרהאַלטן זיך לעבן דעם פרעמדן. דאָס איז געווען אַ יונגע סאַרנע מיט אַ ליכטיק־ברוינער שיינענדיקער פעל. זי האָט אַנידערגעקניט אויף די פאָדערשטע צוויי פיס און געגישטערט מיט צעשפרייטע נאָזלעכער צווישן די פאַלדן פון פרעמדנס קליידער און דערנאָך אַרויסגעלאָזט אַ שטילן פרייד־רוף. דער פרעמדער האָט מיט אַ פאַרכטיקייט אָפּגעבראָכן אַ טייל פון ברויט און עס געגעבן די סאַרנע, דערנאָך האָט ער מיט איין האַנט געגלעט איר פעל און מיט דער צווייטער געקרישלט דאָס ברויט און דערגענטערט עס צו זיין מויל.

טשוריל האָט געוואָלט ריידן צו דעם מענטש, געוואָלט פרעגן ווער ער איז און וואָס האָט אים דערפירט אַהער. ער האָט געוואָלט וויסן אויב ער איז עס נישט געווען דער זעלביקער וועלכער האָט זיך דעמאָלט, אַנטפּלעקט פאַר נאַסטיאַן? אַ פחד האָט אים אָבער אַרומגעכאַפּט, אַז ער זאָל נישט ברעכן דעם נדר און ריידן. אויב דאָס איז ער, גאָטס־זון אַליין, דאַן פאַרשטייט ער דאָך מיינע מחשבות און די רייד זענען איבעריק, אויב דאָס איז אַ געוויינטלעכער בשר־ודם, טאָ צו וואָס זאָל ער אָנרירן איינע פון די האַרבסטע דינים פון זיין גלויבן און ריידן רייד ערדישע וועלכע פאַרשוועכן די הימלען,

וואָרעם קיין זאַך איז נישט אין אונדזער צייט אַזוי פֿאַרדאָרבן ווי די מענטשלעכע שפּראַך. זי איז די כּלי פֿון זינד.

דער זקן האָט זיך אויפֿגעשטעלט, גענומען דעם שטעקן און גע־מאַכט עטלעכע טריט צו דעם וועג וואָס פֿירט קיין מאַלאַכיי. דעם צייכן מיט דער האַנט, אַז דער פֿרעמדער זאָל אים נאָכגיין, האָט ער, ווייזט אויס פֿאַרשטאַנען, וואָרעם דער נע־ונדער האָט צוערשט אַ בייג געטאָן מיט דעם קאָפּ פֿון דאַנקבאַרקייט, אָנגעוויזן אויף דער סאָרנע, אויף דעם וואַלד און געמאַכט אַ סימן, אַז ער קען נישט פֿאַרלאָזן די וואַלד־פּאָליאַנע און אַז ער וועט נישט נאָכגיין דעם זקן.

טשוריל האָט פּאַמעלעך אָנגעהויבן צו שפּאַנען מיטן וועג אין דאָרף אַריין, לאָזנדיק דעם פֿרעמדן אַליין. ער האָט אָבער נישט געקענט דערווייטערן זיך, וואָרעם עפּעס האָט אים אומרויִק געמאַכט. עמעצער האָט געמאָנט ביי אים, אַז ער זאָל זיך אומקערן, אַז ער זאָל נישט אַוועקגיין און נישט אויסקערעווען זיך מיטן רוקן צו דעם אויסטערלישן מענטשן.

די צייכנס, אַז עפּעס גרויס און וויכטיקס וועט זיך אַנטפּלעקן בעת דער מלחמה, האָבן זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר נישט ריכטיקע. אַלע האָבן אָבער גערעדט וועגן דעם נס וואָס מוז קומען, אפֿילו די אומ־גלויביקע. איצט, בעת עס האָט זיך באַוויזן דער פֿרעמדער, וועלכער איז געקומען צו אים, אין דעם פֿאַרטאָג צו דעם געהייליקטן קוואַל, גייט טשוריל אַוועק. ניין, עס איז נישט ער, ווען נאַסטיאַ זאָל האָבן דערזען. דעמאָלט איז קיינער נישט געווען אין קוואַל. עס איז געווען נאָר אַ זווּנג פֿון אַ באַזעסענער, פֿון איינער אין וועלכער עס איז אַריין דער שטן. ער האָט שוין לאַנג געוואָלט אויסרופֿן פֿאַר אַלע גלויביקע אַז נאַסטיאַ איז נישט קיין הייליקע. ער וועט דאָס טאָן וואָס פֿריער, וואָרעם אירע דרכים, אין וועלכע זי פּלאָנטערט זיך, וועלן אויפֿגעדעקט ווערן. אפֿשר האָט זיך פֿון איר אָפּגעטאָן דאָס ביסל הייליקייט צוליב זיין עלטער? אויב נאַסטיאַ איז הייליק פֿאַר־וואָס שפּירט ער איר זודיק בלוט פֿון זינדיקע, בעת זי פֿאַלט צו זיינע

פיס ? פאַרוואָס האָט זי זיך לעצטנס אויסגעקליבן דעם בלינדן סטיאַ־פּאַ, וואָס איז נאָך קרעפּטיק אין די אַקסל און פעסט אין דעם טראָט ?

טשוריל האָט זיך אויפגעשטעלט, אומגעקוקט און געזען ווי דער פרעמדער שטייט נאָך אַלץ אויפן זעלביקן אָרט און גלעט די סאָרבע. דער געמיש פון הייליקייט און מגושמדיקייט אין פרעמדן האָט אומ־רויִק געמאַכט טשורילן. עס איז אים געקומען אויפן זינען, אַז די איינציקע וואָס קען אים פאַרשטיין אָטאָ דעם נע־ונדן, איז נאַסטיאַ.

עס איז גוט וואָס זי וועט זיך צו אים דערנענטערן און אַזוי אַרום וועט אָפּגעשטעלט ווערן איר פאַרדעכטיקטע פריינדשאַפט מיט דעם בלינדן סטיאַפּאַ. ער האָט שוין נישט איין מאָל געטראַכט אַז, נאַסטיאַ קען אויסרופן סטיאַפּאַן פאַר דעם געהייליקטן און טשורילס רום זאָל פאַרגיין אַזוי ווי אַ נעפּל.

טשוריל איז צוגעקומען צום פרעמדן און ווידעראַמאָל געמאַכט אַ צייכן מיט דער האַנט, דאָס מאָל אין דער ריכטונג פון וואַלד. דער פרעמדער האָט געזאָגט עטלעכע ווערטער און גענומען נאָכגיין דעם זקנס טריט.

נישט ווייט פון קוואַל צווישן מאַזשעוויק־קוסטעס און האָזן־ריטלעך פאַרטריקנטע, איז געוואַקסן אַן אַלטער ליפּע־בוים מיט אַן אויסגעהוילטן שטאַם, אַ שוואַרץ־פאַרברענטן פון אַ בליץ.

פון וואַנען דער בוים האָט געקענט ציען די זאַפטן פאַר דער מעכטיקער קרוין בעת דער שטאַם האָט אויסגעזען פאַרטריקנט, פאַר־פּרוכנעוועט מיט אַ קאָרע וואָס האָט זיך געשיילט ? — דאָס האָט קיינער נישט געקענט פאַרשטיין.

דער אַלטער ליפּע־בוים האָט אָבער געטראָגן אין זיך אַ סוד וועלכן עס האָט נאָר געוווּסט טשוריל און עטלעכע זקנים פון זיין עדה ; די אויסהוילעניש פון שטאַם האָט געפירט צו אַ הייל. און אויסטערליש ; אין דער הייל איז נישט געווען פולשטענדיק פינצטער. פון דער אויס־הוילעניש האָט זיך געצויגן אַן עפענונג דורך דעם שטאַם און פון

דאָרטן איז געפאַלן אַ ליכטשטראַל ביז צו דער סאַמע טיפעניש פון די וואָרצלען.

די הייל איז אַנטשטאַנען פון אַן אונטערערדישן קוואַל, וואָס איז אויסגעטריקנט געוואָרן און וואָס האָט אָנגעהויבן אַרויסשלאָגן זײַנע וואַסערן מיט עטלעכע שפּאַן ווייטער. אַזוי ווי די וואַסערן האָבן זיך אָפּגעטאָן פון אונטער דעם ליפּע־בוים, האָט ער אָנגעהויבן צו טריקענען און אינעווייניק, אין דער הייל, וואָס איז געווען רונד־אַרום אויסגעפלאָכטן פון אַ וואָרצל־געקנופּ, האָבן געלויכטן פאָספאָרדיק פאַרפרוכנעוועטע טיילן פון וואָרצלען.

דאָ פלעגט טשוריל אָפּזיצן טעג גאַנצע און תפילה טאָן.

די הייל איז צוליב דעם ליכטשיין פון דער שטאַם־אויסהוילעניש, וואָס איז געקומען פון שטאַמשפּיץ, געווען פאַרבונדן מיט די הימלען. מען האָט פון דאַנען געוווּסט ווען עס גייט אויף די זון און ווען די זון פאַרגייט. מען האָט געהערט דעם גערויש פון די בלעטער און בעת שטאַרקע ווינטן און שטורעמס אָפּגעפילט דאָס געציטער פון וואָרצל־געפלעכט.

דאָס אַלטע האָלץ־וואָרצל מיטן פאָספאָר האָט זיך ערשט צע־לויכטן ווען אין וואַלד האָט געהערשט טיפע נאַכט און ווען דער הימל איז געווען באַדעקט מיט כמאַרעס. וואָרעם וואָס פינצטערער עס איז געווען די נאַכט אַלס שענער און כישופדיקער האָבן געלויכטן די וואָרצלען אין דער הייל.

עטלעכע מאָל איז טשוריל פאַרבײַיגעגאַנגען דעם אַלטן בוים און אים אויסגעמיטן. ער האָט זיך געשלאָגן מיט דער דעה, איבערגע־טראַכט, אויב ער זאָל אַנטפּלעקן דאָס געהייליקטע אָרט דעם פרעמדן. דער אומבאַקאַנטער איז אים נאָכגעגאַנגען און נאָך זיי איז געלאָפן די סאַרנע. זי איז פאַרלאָפן פאָרויס, דערנאָך פאַרשוווּנדן צווישן די קוסטעס און ווידער אַמאָל זיך באַוויזן. דאָס מאָל האָרט בײַ דער אויסהוילעניש פון שטאַם. ביים דריטן מאָל אַרומשפּרייזן דעם וואַלד־ווינקל איז טשוריל צוגעגאַנגען צום בוים, אָוועקגענומען אַ שטיק

קאָרע און די אויסהוילעניש איז גרעסער געוואָרן. דעמאָלט האָט ער זיך איינגעבויגן, אַריינגעשטעקט ביידע הענט און אונטערגעהויבן אַ דיקן קלאָץ, אַ גרינלעך־מאָכיקן. עס האָט פון דער טיפעניש אַרויס־געאָטעמט אַ ריח פון וואָרצלען, פון זשיווויצע און פון האַרבסט־בלעטער. דער זקן האָט אַוועקגעגעבן דעם פרעמדן אַלץ וואָס ער האָט נאָר געהאָט אין זיין טאָרבע; אַ ברויט, עטלעכע געבראָטענע קאַרטאָפל, אַ פלאַש מילך און היימיש געבאַקענע פלעצלעך. ער האָט זיך דריי מאָל פאַרנייגט פאַרן אומבאַקאַנטן און מיט צייכנס געגעבן צו פאַרשטיין, אַז דאָ קען ער זיך אויפהאַלטן און אַז ער וועט אים באַזאָרגן מיט שפּייז און אַז נאָך דעם ווי ער וועט אַריינגיין אין דער הייל זאָל ער צוריק פאַרשטעלן מיט דער קאָרע דעם אַריינגאַנג צום שטאָם און ווידער אַוועקלייגן דעם מאָכיקן קלאָץ כדי צו פאַרדעקן די אויסהוילעניש.

דער אַלטער איז אַוועק קיין מאַלאַכיי מיט אַ געפיל, אַז ער האָט געטאָן אַ וויכטיקע עבודה, וואָס וועט זיכער דערנענטערן דעם גרויסן טאָג פון גאָט־אַנטפּלעקונג. ער האָט אַנטדעקט פאַר אַן אומבאַקאַנטן איינע פון די געהיימענישן פון זיין עדה. ער האָט דאָס געטאָן ווייל זיין לערע איז דאָך אַז יעדע רגע פון מענטשלעכן לעבן איז איין און איינציק און אַז זי וועט זיך מער נישט איבערחזרן. אויב דאָס איז ער אַליין, דאַן האָט ער נישט געטאָרט דורכלאָזן די רגע ווייל עס וואָלט געווען די גרעסטע זינד. יעדער פון אונדז מוז דערפילן דעם ווילן פון דעם וואָס האָט אים געשיקט אין לעבן אַריין. און דער ווילן איז, אַז מיר זאָלן דערזען גאָט צווישן אונדז, וואָרעם ער איז דאָ, ער איז געקומען צו מיר און באַגלייט האָט אים דאָס איידעלע וואָלד־באַשעפעניש, די סאַרנע. און אַזוי ווי מיטן געבוירן גייען מיר אַריין אין אַ לעבן וואָס מיר מוזן ממשך זיין און נישט אָנהייבן, אַזוי מוזן מיר ממשך זיין די גאָט־אַנטדעקונג, אַזוי ווי ער איז אַנטדעקט גע־וואָרן פאַר אונדז און איז פאַרטריבן געוואָרן — אַזוי האָט געטראַכט טשוריל.

טשוריל האָט באַשלאָסן דריי טעג און דריי נעכט צו בלייבן ביי זיך אין שטוב, פאַרטאָן אין זיינע שטומע געשפּרעכן מיט גאָט. ער איז זיכער געווען, אַז דורך די דריי טעג וועט ער באַקומען אַ צייכן אויב דער מענטש אין דער באַהעלטעניש איז געשיקט געוואָרן פון די הימלען, אָדער דאָס איז אַ געוויינטלעכער בשר־ודם. נאָך די דריי טעג וועט ער גיין צו דער אויסהוילעניש פון בוים און ריידן קלאָרע רייד. וואָרעם דער פאַרבאָט צו ריידן איז נאָר מיט געוויינט־לעכע מענטשן, אָבער נישט מיטן געשיקטן פון די הייכן. ער וועט אויף דעם דריטן טאָג, אין אָוונט, נאָכן געשפּרעך מיטן אומבאַקאַנטן, רופן נאַסטיען און איר אַנטפּלעקן דעם אמת. זיין ווילן וועט זיין, אַז נאַסטיאַ זאָל אין דער הייל באַשיצן דעם פרעמדן, זי זאָל טאָן דאָס וואָס עס האָט געטאָן די געהייליקטע מרים וועלכע האָט אין אַ הייל אַריין געבראַכט דעם גוף פון יעזוסן נאָך דעם ווי ער איז גע־קרייציקט געוואָרן. אויב אין דער סעקטע יום־טובט מען די לעצטע סעודה און מען שטעלט פאַר געננוי אַלץ ווי עס איז געווען, פאַר וואָס זאָל מען נישט אויך דאָס ווידערקומען פון אים אַליין נישט יום־טובן ?

— איין און איינציק איז יעדע רגע פון אונדזער לעבן. זי וועט זיך מער נישט אומקערן — האָט טשוריל געשעפּטשעט, צולייגנדיקביידע האַנטפלאַכן צום האַרץ און בייגנדיק זיך דריי מאָל מיטן גאַנצן פאַדערשטן טייל פון גוף ביז צו דער ערד. — איין און איינציק... — האָט ער געשעפּטשעט דאָס דאַזיקע געהיימנישפולע וואָרט אַזוי לאַנג ביז די נאַכט איז געפאַלן און עס איז אַדורך דער ערשטער טאָג פון דער באַגעגעניש אין וואַלד ביי דעם וואַסער־קוואַל.

# קאַפּיטל זעכצן

מיר זענען געזעסן ענג צונויפגערוקט אין דער כאַטע און לאַנג אויסגעהערט וואַסיליעווס מעשות וועגן דער סעקטע שווייגער, וועגן אַלטן טשוריל, וועגן נאַסטיען און דעם פרעמדן, וועלכער האָט זיך אויפגעהאַלטן לעבן געהייליקטן קוואַל.

די מענטשישע קולות אין דער פּראַסטיקער נאַכט האָבן זיך איינגעשטילט און מען האָט שוין איצט ווידער געקענט הערן אַ פּאָר־איינצלט שעפסן־געוויין און אַ ווייט געיאָמער פון וועלף.

אַ פויערטע איז געזעסן אויפן אויוון, געוויגט זיך ווי זי וואָלט תפילה געטאָן, וואָרעם אירע האַנט־פלאַכן זענען געווען צונויפגעלייגט. זי האָט געקוקט אויף אונדז און שטיל געפּרעפּלט. אין כאַטע איז געווען קאַלט און אַז דער בוכהאַלטער פון זעמסקי אָטדעל וואַסיליעוו האָט גערעדט, איז זיין אָטעם געבליבן הענגען און זיך געדיכט געקנוילט זילבערדיק.

אַדריאַן האָט האַסטיק אַריינגעשפּאַנט פון קרילעץ און געבראַכט דיקע קלעצער, טרוקענע, צעזעגענע.

— עס האָט געדויערט, ווייל איך האָב געדאַרפט איבערוואַרטן ביז די וועכטער וועלן אַוועקגיין... איצט וועלן מיר אויסהייצן די פּיעטשקע. איך בין דאָ אַ היימישער, אין אַלעקסאַנדראָוואָ, און ווייס ווו מען קען עפּעס באַטשאַפן... האַ־האַ־האַ.

— פון וואַנען האַסטו דאָס, טשאָרט איינער, אַוועקגעגנבעט? — האָט די פויערטע פון אויוון געפרעגט אַדריאַנען און דערביי גוט־מוטיק אויסגעצויגן דאָס קול ווי זי וואָלט די ווערטער אויסגעזונגען מיט אַ ניגון פון אַ היימישער טשאַסטושקע, — אוי וויי אַדריאַשאַ,

עס איז דאָך דאָס צעזעגענע האַלץ פון קאַלכאָזנעם הויף! — האָט די פויערטע אויסגערופן.

דאָס טרוקענע האַלץ האָט זיך צעפלאַקערט אין אויוון און אין דער גאַלאַנדקע. אַ ליכטיקער ראָד איז געפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע. דאָס טראַסקעריי פון די שפּענער און דער געקנאַק פון פונקען האָבן אַלעמען אויפגעהייטערט.

נישט בלויז די קעלט, נאָר דער שלאָף און די מידקייט זענען אָפּגעטראָטן.

מיר האָבן אויסגעטאָן די פופייקעס און די שפּענצערס, אַראָפּ־געצויגן די שטיוול, צעקנופּט די לאַפּטשע־שטריק און אַריינגעשטופּט די פייכטע אָניטשעס אין די אויוון־מייערלעך, אַז זיי זאָלן זיך ביז פאַרטאָג אויסטריקענען.

דער ערשטער האָט אַדריאַן געעפנט זיין טאָרבע און אַרויסגענומען אַ פלאַש בראָנפן. אַגולייעוו האָט געשניטן שטיקלעך שוואַרץ ברויט און סאַלע. וואַסיליעוו האָט געהאַט אַ סלאָיעק מיט געקאָכטע פּוטער. איך האָב אויסגעפונען אין מיין רוקזאַק, וואָס נאַדיעזשדאַ האָט מיר פאַרגרייט, אַ פלעשל מילך און בעת איך האָב אַוועקגעשטעלט דאָס פלעשל אויף דער פּאָדלאָגע, נישט ווייט פון ברענענדיקן אויוון, אויף אָנצוואַרעמען, ווארעם די מילך איז געווען געפראָרן, האָט זיך אַד־ריאַן הויך צעלאַכט.

— העי, רעביאַנאַק, לייג עס צוריק אַריין אין דיין סומקע... ווילסט רוסישע מוזשיקעס אָנטרינקען מיט מילך? כאַכאַ־כאַ... וואָס ווערסטו שוין קענען אויפטאָן אויפן פראָנט מיט מילך? אַפילו צו אַ באַביאַנקע ווערסטו זיך נאָך מילך נישט קענען צורירן... וואַלינקאַ, דאַוואַי!... — ער האָט זי אַ ציִ געטאָן ביים אָרעם און אַראָפּגע־שלעפּט פון אויוון. — גענוג צו וואַרעמען די קאַלטע אויוון־ציגל! זעץ דיך אַנידער מיט אונדז!

וואַלינקאַ האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויף דער פּאָדלאָגע, פאַרראַכטן די רויטע האָר, פאַרדעקט זיי מיט אַ ווייס קאָפּטיכל, געלאַכט מיט אַ גרויס און ברייט מויל.

— הייב אָן! — האָט איר אַדריאַן באַפוילן.

איך האָב געוווּסט, אַז וואַלינקאַ וועט נישט וואַגן אָפּצוזאָגן, ווארעם אַדריאַן איז געווען צודרינגלעך, האַרט, באַפעלעריש און זיין קול האָט אַנגעוואָרפן אַ מורא.

די פויערטע האָט צוגעשטעלט די פלאַש צו די ליפּן, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אויף צוריק און געטרונקען. די לויזע נאַכט־יאַקע פון אַ רויטן און ווייסן סיץ האָט זיך געפאַלדעוועט און מען האָט בולט אַנגעזען אירע בריסט, אַ טייל פון אַן אַקסל. די ליפּן, צונויפגעצויגענע האָבן מיט קראַפט אַרומגענומען די פלאַש־עפענונג. זיי זענען געווען פולע, אָנגעגאָסענע.

איך האָב געזען ווי אַדריאַן פאַרזשמורעט די אויגן און אין די מויל־ווינקלען ציטערן אים אַלע זיינע קנייטשן ווי ביי אַ זשערעבאַק בעת ער גרייט זיך צו דער תאווה־הירזשעריי.

זי וואָלט נאָך געגעבן עטלעכע בראָנפן־צי ווען אַדריאַן וואָלט נישט אָוועקגענומען די פלאַש.

— טשעוואָ, וואַלינקאַ? עס זענען נאָך דאָ זעקס מוזשיקעס צו דער פלאַש!

אַגולייעוו האָט לאַנג געזוכט אין זיין סומקע, ביז ער האָט אַרויס־געשלעפּט אַ האַלבן ליטער סאַמאַגאָן.

— אַדריאַשאַ, בייזער זיך נישט — האָט וואַלינקאַ געזאָגט — מיין מוזשיק ליגט אין די שנייגריבער און איך פריר איינע אַליין אויף דעם אויוון אין די נעכטעלעך...

אַדריאַן האָט זיך געווישט די וואָנצעס, געריבן די הענט, געהאַלטן אין איין צולייגן טרוקן האָלץ צום פלאַם אין אויוון.

איך האָב אויסגעטרונקען אַ האַלב גלאָז ביטערן בוראַקע־סאַ־מאַגאָן.

עס איז שוין געווען שפּעטע נאַכט. דער ביסן ברויט איז געבליבן אין האַלדז. וואָס טוט איצט נאַדיעזשדאַ? פאַרוואָס האָב איך זיך נישט ריכטיק מיט איר געזעגנט?

איך האָב זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן אַרומשפּאַנען אין דער כאַטע.

די פּויערים האָבן געגעסן רויִק, באַזאַכט זייער ברויט. ביס נאָך ביס און געקוקט אויף דעם יונגן פּיעטקאַ. ער איז אַלט געווען אפשר אַכצן יאָר. דעם גאַנצן וועג האָט ער אונדז קוים נאָכגעשפּאַנט אין זיינע גרויסע לאַפּטשעס מיט אַן אומבאַהאָלפענעם גאַנג. עטלעכע מאָל איז ער פון מידקייט געפאַלן אויף די קני און זיך שנעל אויפגעשטעלט, וואָרעם ער האָט געוואָלט זיך האַלטן לעבן דעם געזונטן, הויכן, ברייטפּלייציקן אַדריאַן, ווי נאָר אים וואָלט ער זיך געטרויט.

מיר איז אויסגעקומען, אַז דאָס איז אונדזער לעצטע היימישע סעודה. איך האָב באַדויערט הלמאי אין מיין רוקזאַק איז גאָרנישט פאַראַן מיט וואָס מכבד צו זיין די מענטשן, מיט וועלכע איך טרינק און וועלכע טיילן זיך מיט מיר מיט זייער ברויט. איך האָב געעפנט מיין טאָרבע, גענישטערט אין איר און אויסגעפונען אין אַ ווייס לייוונט זעקעלע עטלעכע שטיקער פאַרגעלטן צוקער. איך האָב עס תיכף אַרויסגעלייגט און צוגעטראָגן צו דער באַלעבאָסטע פון דער כאַטע.

— נעמט דאָס. עס איז פאַר אייך. ווען איר וועט שטעלן דעם סאַמאָוואַר, וועט איר האָבן אַ ביסל צוקער צום פאַרבייסן.

וואַלינקאַ האָט דערוואַכט, וואָרעם דער בראָנפן האָט איר צוערשט פריילעך געמאַכט, אָבער באַלד דערנאָך האָט אַ טרויער באַדעקט איר פּנים און זי האָט זיך ווידער געוויגט ריטמיש ווי בעת אַ תפילה.

— איך שטעל שוין דעם סאַמאָוואַר. אַדריאַשאַ, שאַר אויס פון אויוון עטלעכע גאָלאָוועשקעס און אַ ביסל זשאַר!

צווישן די זאַכן אין רוקזאַק האָב איך געפונען אומגעריכט אַ דיקן קאָנווערט, אַ פאַרבונדענעם מיט וואַלפעדעם און איבערגעלייענט דעם נאָמען מיינעם מיט גרויסע אותיות. איך האָב אין געאייל געעפנט און געזען, אַז דאָס איז אַ בריוו צו מיר פון נאַדיעזשדאַן. אויסער דעם בריוו זענען נאָך געלעגן געדיכט־פאַרשריבענע העפט־

בלעטער, פֿאַרשריבענע מיט אַן אַנדערן טינט. אין דעם בריוו האָבן זיך מיר געוואָרפֿן אין די אויגן אַדרעסן, נעמען פֿון מענטשן, אין מאָסקווע, אין לענינגראַד. נעמען פֿון פֿאַרשיידענע אינסטיטוציעס, צווישן זיי נעמען פֿון הויכע מיליטער־לייט. נאַדיעזשדאַ עצהט מיר אין דעם בריוו זיי צו זען און איבערגעבן פֿון איר גרוסן.

דער סאַמאָוואַר איז שוין געשטאַנען אַ פֿאַרענדיקער אויפֿן טיש. אַדריאַן האָט מיט אַ האַמער צעקרישלט די שטיקער צוקער און מיר האָבן „געכליעבעט טשאַי ז׳פּריקוסקאַי״, געטרונקען פֿון טעצלעך, וועלכע מיר האָבן געהאַלטן אויף די דלאָניעס.

וואַלינקאַ האָט אויסגעזוכט אין איר קיפֿערט האַנטעכער און יעדן געגעבן אַ האַנטעך אויף צו ווישן דעם שווייס. מיר האָבן יעדעס מאָל אויף ס׳ניי אונטערגעשטעלט די טעפּלעך אונטערן קראַן פֿון סאַמאָוואַר און זיי פֿול געמאַכט.

דער ערשטער האָט פֿאַרצויגן אַ ניגון אַדריאַן. עס איז אָבער אויסגעקומען האַרט, אומגעלומפּערט, אַזש די באַלעבאָסטע האָט זיך געהאַלטן פֿאַר די זייטן פֿון געלעכטער.

פּיעטקאַ האָט זיך צעזונגען אַזוי ווי אַ סאָלאָוויי און וואַסיליעוו ווי אַ פּאָפּ בעת ער ריכט אָפּ תּפֿילות.

איך האָב אַריינגעלייגט נאַדיעזשדאַס בריוו מיט די געדיכט־פֿאַרשריבענע העפֿט־בלעטלעך אין בוזעם־טאַש און אַוועקגעזעצט זיך ביים טיש.

עמעצער האָט געקלאַפּט אין לאָדן אַריין און גערופֿן: — העי, מאָביליזירטע ביעסן! שלאָפֿט! וואָס וואַיעט איר! — אַז עס איז געוואָרן אַ ווײַלע שטיל, האָט וואַסיליעוו נאָך אַלץ געפּרעפּלט זיין ניגון ביז אַדריאַן האָט אים איבערגעריסן.

— איך ווייס, אַז דו ביסט געווען אַ נאָענטער מיט דער סעקטע מאָלטשאַלניקעס און, אַז האָסט געקענט די הייליקע זונה נאַסטיאַ. עס האָט דיר אָפּגעגליקט, וואָס דו האָסט זיך אין דער לעצטער רגע אַרויסגעפּלאָנטערט פֿון זיי, ווייל נישט, וואָלסטו איצט געווען ביי

די ווייסע בערן. דערציילן, וואָס איז געוואָרן מיטן פּרעמדן מענטש, וועלכער האָט זיך באַוויזן ביים הייליקן קוואַל ? ווו איז אַהינגעקומען די הייליקע זונה נאַסטיאַ ?

— דער בלינדער סטיאָפּאַ האָט אַלץ אויסגעגעבן דער מאַכט. מען זאָגט אַז ער איז גאָרנישט געווען בלינד. דאָס איז געווען אַ פאַרשטעלטער פאַרשוין פון דער נ.ק.וו.ד. ער האָט געשפּילט די ראָלע פון אַ בלינדן. זיי האָבן אים אַהערגעשיקט, אַפילו נאַסטיאַ איז געוואָרן זייערס אַ מענטש. יעי באַגו. כדי צו אַנטדעקן די סעקטע־פירער האָט די נ.ק.וו.ד. אַליין געפּריידיקט אַלערליי רעליגיעזע פּרע־דיקערייען אויף אויסצוגעפינען די גלויביקע. זיי האָבן געגעבן אַ צייט־לאַנג אומישנע סוואָבאָדע און דערנאָך, ווען זיי האָבן שוין אַלעמען געהאַט אויפן אויג, מיט איין קלאַפּ ליקווידירט. דער פרעמ־דער ביים קוואַל איז געווען אַ מרה־שחורהדיקער וואַגאַבונד, אַ גוט־מוטיקער, אַ געוועזענעם פּאָפּס אַ זון פון הינטער וויאַזמאַ. ווי נאָר עס זענען דורכגעפירט געוואָרן די גרויסע מאָביליזאַציעס, אויפן צווייטן חודש נאָך דעם ווי די גערמאַנצעס זענען אונדז באַפאַלן, האָט מען אין אונדזער ראַיאָן באַשלאָסן אַפּצושרעקן די מוזשיקעס, אַז זיי זאָלן נישט דעזערטירן. איז זיי אונטערגעקומען דער צעדרייטער פאַרשוין, וועלכן נאַסטיאַ האָט אויסבאַהאַלטן אין דער הייל, ביים קוואַל. דער „בלינדער" סטיאָפּאַ האָט נאָכגעפאָרשט נאַסטיעס גענג און אַנטדעקט דעם סוד. מען האָט אים אויפן דריטן טאָג געהאַנגען אַלס דעזערטער. טשוריל איז פאַרשיקט געוואָרן. נאַסטיען האָט מען אַריבערגעפירט אין אַ צווייטן ראַיאָן צו פּראַווען די הייליקע אָרגיעס און צו פּראָפּאַנירן די תמימותדיקע רעכטגלויביקע מוזשיקעס, כדי דערנאָך זיי צו רודפן מיט אַ כלומרשט גערעכטער סיבה. עס איז, ברידערלעך, אַן אויסמישעניש, אַזאַ זומפּ און אַזאַ באַגנע, אַז דער טייוול אַליין וועט זיך נישט פאַנאַנדערקלייבן... מען האָט געעפנט פיל צערקוועס ווי נאָר די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. דער נאַראָד האָט אָבער מורא גיין זיך מאַליען. מען האַלט אַלעמען אויפן אויג. נאָך דער מלחמה, וועט קומען אַ צייט פון אָפּרעכענען זיך מיט יעדן

איינעם. עס וועלן געשען נאָך ערגערע מעשים ווי איצט. טעמניקאָ־
ווער לאַגער איז פול. דאָס איז אַ קלייניקייט אַנטקעגן די לאַגערן,
וועלכע וועלן דערנאָך אַנטשטיין!

— העי, וואַסיליעוו, רעכטגלייביקער פּראָפּעט! הייליקער וואַ־
סיליעוו, פלוידער נישט! — האָט אַדריאַן זיך גוטמוטיק געבייזערט.
— ער איז שיכור און ווייסט נישט וואָס ער רעדט... נאַרישקייטן...

אַגולייעוו האָט זיך ווי געפילט שולדיק, וואָרעם ער איז געווען
אַ קאַנדידאַט צו ווערן אַ מיטגליד אין דער פּאַרטיי, אַ קאָלכאָזנער
בריגאַדיר. אַזאַ פלוידעריי איז געפערלעך. כדי אַריבערצופירן דעם
שמועס אויף עפּעס אַן אַנדערער טעמע, האָט ער אָנגעהויבן צו ריידן
וועגן דער פּראַסטיקער נאַכט, וועגן די טיפע שניי־פעלדער און וועגן
דעם געוואָי פון וועלף. ער האָט געקוקט אויף אונדז מיט געבעט
און מיטלייד און געוואָלט אַלעמען מאַכן פאַרגעסן וואַסיליעווס גע־
שיכטע וועגן דעם ווי אַזוי מען האָט ליקווידירט די מענטשן פון דער
סעקטע „מאַלטשאַלניקעס".

— אין מאָרדוויניש‍ן דאָרף שאַקשאַ זענען די מוזשיקעס מיט אַ
דור צוריק געווען געזונטע, הויכע, ברייטאַקסלדיקע. זייערע הייזער
זענען געבויט פון דיקע סאָסנע־קלעצער. ביי יעדן הויז איז דאָ אַ
פּאַדוואַל און אין עק פון דער אייגענער אוסאַדבע שטייט די היל־
צערנע באָד. אַמאָל איז דער נאָראָד געווען אויסגעהאַלטן קעגן די
קעלטן. מיין זיידע פלעגט אין אַ פערציק־גראַדיקן פראָסט אַרויס־
לויפן פון דער באָד אַ נאַקעטער, אַ צעפּאַרעטער, אַ צעשמיסענער
פון ליפּע־בעזעמלעך, זיך אַרייַנוואַרפן אין שניי אַריין און פאַרשיטן
זיך מיטן שניי ביזן האַלדז. איך האָב אַלס יינגל צוגעקוקט זיך ווי
אַזוי פון שניי האָט אַרויסגעזעצט אַ הייסע פּאַרע און אַרום אים האָט
דער שניי געטאַיעט. דער זיידע האָט געשאַרט אויף זיך ביי שניי.
דערנאָך איז ער אויפגעשפּרונגען און ווידער אַריין אין דער באָד.
אַזוי האָט עס זיך איבערגעחזרט אַ דריי־פיר מאָל. מיט אייגענע אויגן
האָב איך דאָס געזען! און היינט? ווי נישט אויסהאַלטעוודיק איז
דער נאָראָד!

— דער הונגער האָט אָפּגעשוואַכט די מוזשיקעס — האָט וואַלינ־קאַ אויסגעזונגען מיט אַ געזיפץ.

אַגולייעוו, אַזוי ווי ער וואָלט נישט געהערט דער פויערטעס ווערטער, האָט דערציילט וועגן זיין ציידן, וועלכן עס זענען איין מאָל באַפּאַלן וועלף, בעת ער האָט זיך אַ נאַקעטער פאַרשאָטן ביז דעם האַלדז מיט שניי. צוויי וועלף זענען עס געוווען. זיי זענען אַרויס־געשפּרונגען פון הינטער אַ סטויג היי, נישט ווייט פון דער הילצער־נער באָד. דער ציידע איז צוערשט געבליבן ליגן אַן אומבאַוועגלעכער און איינגעהאַלטן דעם אָטעם. זיי האָבן אים באַשמעקט און אָפּגע־רוקט זיך אויף אַ שפּאַן, ווייל אין דער נאָענט האָט זיך איינגעבראָכן אַ צווייג פון אַן אַלטן עפּלבוים, וואָרעם צופיל שניי איז געלעגן אויף אים. דער געקנאַק פון פאַלנדיקן צווייג האָט די וועלף אומרויִק געמאַכט. אין דער רגע האָט זיך אַ ריס געטאָן פון דעם שניי דער נאַקעטער ציידע. ער האָט געכאַפּט דעם צווייג פון עפּלבוים און אָנגעהויבן מיט אים צו פאָכען. זיין געשריי האָט אויפגעוועקט דאָס דאָרף. פון דער באָד זענען אַרויסגעלאָפן עטלעכע נאַקעטע מוזשיקעס און באַבעס. זיי האָבן געיאָגט די וועלף ביז צום טאָל, ביז צו די אַלכע־קזשאַקעס. האַ־האַ. עס איז געוווען אויסטערליש צו זען, ווי אַזוי אין דער פּראַסטיקער שניי־נאַכט, ביים ליכט פון דער פולער לבנה, יאָגן נאַקעטע מוזשיקעס איבער שניי־פעלדער צוויי וועלף. מיר זענען דערנאָך געזעסן אין דער כאַטע, געגעסן שטשי אַ געדיכט־פאַרבראָקטן מיט שעפּסן־פלייש, פּשאַנאַ־קאַשאַ געקאָכט אויף ריינער מילך, אַ געדיכטע, אַז מען האָט אין איר נישט געקענט אַריינשטעלן דעם לעפל. אַ זאַטן נעמט נישט דער פראָסט. דאָס איז ריכטיק, בראַטצי... אָט וואָס פאַראַ געזונטער נאַראָד עס איז געוווען אין מאָר־דוויבישן דאָרף שאַקשאַ.

אַגולייעוו איז שוין געוווען שיכורלעך און כאַטש ער איז געוווען אַ קאַנדידאַט צו ווערן אַ פּאַרטיי־מיטגליד און אַ קאָלכאָזנער ברי־גאַדיר, האָבן אים די רייד וועגן דער אַלטער צייט פאַרשאַפן הנאה. עטלעכע מאָל, בעת ער האָט זיך געכאַפּט, אַז עס איז בעסער צו

שווייגן, האָט ער איבערגעריסן די רייד, פאַר כעס אויסגעשפּיגן, גע־זידלט גאָטס מוטערל און דעם גאַנצן באַשאַף. ער האָט געקוקט אויף דעם קאָלכאָזנער פּרעדסעדאַטעל, סאַבאַלעוון און געוואַרט, אַז ער זאָל כאָטש זיך אָנרופן מיט אַ וואָרט און נישט אַזוי פּאַרדעכטיקט שווייגן.

דער יונגער סטיאָפּקאַ, דער קאַניוך און אָנטרייבער, האָט זיך געפילט ווי ער וואָלט געווען אין אַלעם דער שולדיקער ווייל די רייד וועגן דעם נאַראַד וואָס איז אָפּגעשוואַכט, וואָס טויג צו גאָר־נישט, אַפילו נישט צו באַביאַנקעס, האָבן זיך אַזוי געפּאַסט צו אים. — איסטינגאַיאַ פּ ר אַ וו ד אַ — האָט ער געפּרעפּלט מיט פאַרשעמטקייט און מיט פּחד. אָט האָט ער נישט געקענט דערגיין די פּאָר וויאָרסט פון טענגושיי קיין אַלעקסאַנדראָוואַ. ווען מען וואָלט אים נישט צו־געהאָלפן און אַדריאַן וואָלט נישט אויסגעפּועלט אַן אָרט פאַר אים אויפן שליטן מיט די זעק פון די מאָביליזירטע, וואָלט ער אָנגע־קומען מיט אַ שעה שפּעטער אין דאָרף אַריין. ער האָט אַפילו נישט געקענט אין אַ פראָסט צונויפּציען די דוגע און זי פאַרקנופּן אויפן פערדס האַלדז. דריי טעג פאַר דער מאָביליזאַציע איז ער געבליבן נעכטיקן אין באַראַשאָוואַ ביי אַ באַביאַנקע. זי האָט אים גוט אָנגע־קאָרמעט. דערפאַר האָט ער איר אָוועקגעגעבן אַ העלפט פון דעם פערדס היי. אין דער נאַכט האָט זי זיך צעשריגן אויף אים, אַז ער טויג צו גאָרנישט. „אָקאַיאַנני, טראַגסט הויזן, לאַפּטשעס, אַ פוטער־נעם הוט מיט לאַפּן. זעסט אויס ווי אַ מוזשיק און דו פאַרשעמסט די מוזשיצקע פּאַראַדע, ניקודישני! קענסט זיך מיט קיין באַביאַנקע נישט אומגיין!” זי האָט אים אַרויסגעיאָגט וואָן פון דער כאַטע, אין מיטן דער נאַכט. דעמאָלט האָט ער טאַקע נישט געקענט פאַרקנופּן די דוגע און געפּאָרן אין דער פראָסטיקער נאַכט אַ דערשלאָגענער און געשפּירט ווי די קליידער און זיין גוף הייבן אָן צו ווערן ווי בלעך. איצט האָט ער געקוקט אויף וואַלינקאַ. געקוקט אויף די מו־זשיקעס און די ייִנגלישע שרעק, וועלכע האָט אָנגעהויבן פאַרנאַכט עטוואָס אָפּצוטרעטן, ווייל ער האָט געהאַט היפּש אויסגעטרונקען,

ווייל ער האָט זיך דערפילט אַ גלייכער מיט אַלעמען, איז איצט צוריקגעקומען. ער האָט געוואָלט וויינען און זיך געשעמט. וואַלינ־קאָס רייד וועגן הונגער, וואָס האָט אָפּגעשוואַכט די מוזשיקעס, האָט ער אָבער נישט געקענט פאַרגעסן. פון וואַנען זאָל ער האָבן כוח? ווען סטיאָפּקאָ איז געבוירן געוואָרן, האָט מען אַלעמען פאַרטריבן אין די קאָלכאָזן. עס זענען געווען אָן איבעררייס הונגער־יאָרן. מען האָט געגעסן גראָז, מען האָט געקליבן לעביעדאָ. מען האָט צעגראָבן אַלטע ערד־בייטן און געזוכט וואָרצלען און זיי געגעסן. מען האָט געבאַקן לעפּיאָשקעס פון האָלץ־פּרוכנע, געמישט מיט צעריבענע בעריאָזע־בלעטער. די קינדער זענען געוואָרן געשוואָלן. די זקנים זענען אויסגעשטאָרבן אויף די פּיעטשקעס און די מוזשיקעס מיט די באָביאָנקעס האָבן זיך איינגעשפּאַנט אין הילצערנע סאָכעס צו באַאַרבעטן די קליינע אוסאַדבעס.

## קאַפּיטל זיבעצן

דאָס נאַפּט־קאַנעצל איז אויסגעגאַנגען און דאָס ליכטיקע ראָד, וואָס איז געפאַלן פון אויוון איז פאַרטונקלט געוואָרן. די פויערטע האָט מיט אַ קאָטשערע צעשאַרט דעם זשאַר און פאַרשטעלט מיט אַ בלעך די עפענונג פון אויוון. אַדריאַן האָט זיך פאַמעלעך אויפגעהויבן. איך האָב געקוקט אויף דעם טונקעלן סילועט פון טראַקטאָריסט וואָס האָט פאַרנומען אַ טייל פון דער נאַכטיקער כאַטע און געזען ווי אַזוי אדריאַן דערנענטערט זיך צום אויוון. ער איז שטיל אַרויף אויף דער אויוון־באַנק און פאַרזונקען געוואָרן אין דער וואַרעמער און געדיכ־טער פינצטערניש פון אויפן־אויוון.

דאָס ביסל ליכט וואָס האָט זילבערדיק געשיינט איז געקומען פון די קליינע פירקאַנטיקע אויסגעפרוירענע שויבן. עס האָבן זיך קלאָר אויסגעטיילט, פון יעדן שייבל באַזונדער, די פּראָסטיקע אוזאָרן פון שאַרפע דערנער־בלעטער, פון קראַפּעווע־קרוינען און זילבערדיקע סכך־קוסטעס.

בעת וואַלינקאַ איז צוגעגאַנגען נאָענט צו די אויוון־מייערלעך און פאַרקערעוועט צו דעם אויפן־אויוון, האָט זי זיך אַ ווײַלע פאַר־האַלטן, געקוקט אויף די שייבלעך, געקוקט אויף דער איקאָנע, וואָס איז איצט געווען פאַרהילט אין חשכות און פאַרלייגט בײדע הענט צו אַ תפילה. דערנאָך האָט זי זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני.

אין דעם קאַרגן פּראָסטיק־זילבערנעם נאַכט־ליכט האָב איך געזען נאָר איר פּנים און אירע הענט. זי האָט איצט אויסגעזען אַליין ווי אַן איקאָנע, אַ זילבערדיקע, אַ לויכטנדיקע מיט דעם ליכט פון דער

שנייִקער נאַכט אויפֿן פֿאַן פֿון אַ טונקל־ברוינער שאָטן־געדיכטע־ניש פֿון האַלץ־ווענט און קאַלך־ווייסן פֿאַרלאָשענעם געשימער פֿון אויוון.

לעבן מיר, אויף דער פֿאַדלאָגע, אונטערגעבעט מיט היי, זענען געלעגן מיט וואַכיקע אויגן די מאָביליזירטע פֿון טענגושיי: אַגולייעוו, וואַסיליעוו, פּעטיאַ און דאָס קאַניוך־ייִנגל סטיאָפּקאַ. קיינער פֿון אונדז האָט נישט געוואַגט צו צעשטערן די פּלוצעמדיקע שטילקייט וואָס איז אַלעמען באַפֿאַלן נאָך דעם ווי וואַלינקאַ האָט פֿאַרדעקט די אויוון־עפֿענונג מיט אַ בלעך און עס האָבן זיך פֿאַרלאָשן די לוטשי־נעס און דאָס נאַפֿט־קאַנעצל. סע האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז די פּויערים לעבן מיר, וועלן זיך אויך שטעלן אויף די קני און תּפֿילה טאָן צו דער לעבעדיקער נאַכט־איקאָנע. יאָ, סטיאָפּקאַ האָט געקניט. ער איז געווען עטוואָס אויסגעבויגן, מיטן פּנים אַרויף, מיט פֿאַר־לייגטע הענט און געפּרעפּלט מיט די ליפּן.

דאָס ליכט, וואָס איז געפֿאַלן פֿון די שייבלעך האָט זיך אָפּט גע־ביטן. טיילמאָל האָט עס זיך פֿאַרשטאַרקט און מיר האָבן געזען בולט יעדן פּרט פֿון וואַליאָס פּנים, די אַקסל, די הענט מיט די לאַנגע פֿינגער, די לויזע יאַקע וואָס האָט אויסגעטיילט אי די פֿאַלבן אי די בריסט.

עס איז געווען אַ ליכט ווי פֿון געשייערטן קופּער און אַלטן זילבער.

טייל מאָל האָט זיך וואַליאָס פּנים געטונקלט אין אַ בלאָ וואָס האָט געמאַכט איר גאַנצע געשטאַלט נעפּלדיק־ווייט און אומרעאַל, אַזוי ווי מיר וואָלטן זי געזען אין אַ חלום.

מיר האָבן לאַנג נישט אָפּגעוואָנדן אונדזערע בליקן פֿון וואַליאַן. עס האָט זיך מיר אויסגעדאַכט, אַז אַלע האַלטן איצט איין די אָטעמס און וואַרטן אויף עפּעס.

וועט וואַלינקאַ אַרויף אויפֿן אויוון און איר שאָטן וועט זיך צו־נויפֿפּלעכטן מיט דעם שאָטן פֿון אַדריאַן?

פון אויוון איז דערגאַנגען אַ שטיל געשעפטש, אַזוי שטיל ווי עס וואָלט דער ווינט באַרירט די ראַנדן פון אַ הייסטויג.

מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס רופט זי אַדריאַן.

מיט אַ מאָל האָט זיך וואַלינקאַ אויפגעשטעלט, אַ טרייסל געטאָן מיט די צעלאָזענע האָר און זיי אין געאייל אונטערגעכאַפּט מיט די הענט אויף אונטן, פאַרלייגט זיי, דערנאָך האָט זי אויסגעטאָן דעם אייבערשטן טייל פון איר נאַכט־יאַקע און שטיל אַרויף אויפן אויוון.

איך האָב געהערט ווי אַגולייעוו האָט אָפּגעעטעמט פון דער־לייכטערונג. פּעטיאַ, דער קאַלכאַזנער פּרעדסעדאַטעל, האָט אָנגע־הויבן צו רייבן איין האַנט אין דער אַנדערער ווי איינער, וואָס איז גאָר שטאַרק צופרידן. אפילו סטיאָפּקאַ האָט זיך איבערגעבויגן צו מיר און הייס געשעפּטשעט: וואַלינקאַ געפינט זיך איצט אין די שטאַרקע אָרעמס פון אדריאַנען.

וואַסיליעוו איז געבליבן אומבאַוועגלעך. אַגולייעוו האָט טיף גע־אָטעמט. ווי נאָר פון אויפן־אויוון זענען דערגאַנגען די שעפּטשע־רייען און די רייד, באַגלייטע מיט וואַלינקעס ניגונדיק קול, האָט זיך פּיעטקאַ, דער קאַלכאַזנער פּרעדסעדאַטעל, אויפגעזעצט, גענישטערט אין בוזעם און אַרויסגענומען אַ טאַבאַק־זעקעלע.

— מירן פאַררייכערן — האָט ער געזאָגט ווי צו זיך אַליין.

דאָס טאַבאַק־זעקעלע איז איבערגעגאַנגען פון האַנט צו האַנט. מיר האָבן גענומען צו גאַרשטשן טאַבאַק, צו פּיצלעך צייטונגס־פּאַפּיר און געוויקלט „ציגן־פיסלעך“.

— בראַטצי, עס וועט זיך שוין אין דער נאַכט נישט שלאָפן — האָט זיך פּעטיאַ ווי פאַרטיידיקט, אויסקלאַפּנדיק פונקען מיט זיין שטיינדל, אונטערהאַלטנדיק דערביי קונציק אַ וואָל־פאַדעם.

— אַקאַיאַנניע, אַנהערנערדיקע ביעסן, אַנטיכריסטן... פאַרוואָס האָבן זיי אונדז אָפּגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג אויפן פראָסט און ערשט פאַרנאַכט אַוועקגעטריבן פון די היימען? וואָס פאַרא נוצן האָבן זיי דערפון וואָס מיר שלאָפן נישט די נאַכט מיט די באַביאַנקעס? וואָלט דען נישט בעסער געווען צו מאָרגנס, אין דער פרי, דורכצומאַכן דעם

וועג ביז באַראַשאַוואַ און נישט בלייבן אויף נאַכט אין דער פרעמד ?

אַגולייעוו האָט גערעדט מיט פאַרביטערונג און לסוף אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט. דער פונק פון זיין „ציגן־פיסל" איז געווען אומרויִק, באַוועגלעך.

— נישטאָ קיין טאָלק... יעי באָגו... — האָט גערעדט פעטיאַ...

די רייד פון אויפן־אויוון זענען איצט געווען קלאָרע. דאָס האָט גערעדט אַדריאַן. ער האָט עפּעס צוגעזאָגט, געשוואָרן זיך, פאַר־זיכערט אין נאָמען פון אַלע הייליקע וואָס באַפּעלקערן די הימלען. ער האָט זי גערופן נישט וואַלינקאַ, נאָר מיין טייבעלע, מיין נשמה־לע וואָס איך האָב צוריק אָפּגעפונען אין אַ פּראָסטיק־בייזער נאַכט, ערגעץ ביים ראַנד פון אַ פינצטערן וואַלד...

פעטיאַ האָט געוואָלט מיט זיינע רייד אַוועקגיין פון דער נאַכט, פאַרגעסן זי, פאַררײידן דאָס געשעפּטשעריי פון דער פּיעטשקע. ער האָט געוואָלט דערפילן זיך פריי און ריידן, דערציילן, וואָרעם ער וועט שוין מער נישט קענען איינשלאָפן און אַ שווייגנדיקער וועלן אים מאַטערן הונדערטער מחשבות פון וועלכע ער וועט זיך סייווי נישט קענען אַרויספּלאָנטערן.

איך האָב דאָס תיכף אויסגעפילט אין זיינע באַמערקונגען אַז עס „איז נישטאָ קיין טאָלק" און אין דעם „יעי באָגו". פּיעטקאַ האָט געוואָלט ריידן. איך האָב זיך צוגעבויגן צו אים און געבעטן זיין ציגאַר אויף צו פאַררייכערן, וואָרעם מיין „ציגן־פיסל" האָט זיך געלאָשן.

איך האָב געקענט די פעלדער פון קאָלכאָז ווו פעטיאַ איז געווען דער פרעדסעדאַטעל.

דאָס איז געווען דעם זומער, איידער אַדריאַן האָט מיך פאַרטריבן פון זיין טראַקטאָרנער בריגאַדע, נאָכן שניט. איך בין איינמאָל אַוועק אין מ. ט. ס. פאַרריכטן אַ קליינעם טייל, וואָס עס האָט געדאַרפט אַדריאַן פאַר אַ טראַקטאָר. עס האָט געדויערט אַ האַלבן טאָג ביז

כ׳האָב אויסגעפּועלט אין דער טראַקטאָרן־באַזע, אַז מען זאָל מיר די „פּאַדשיפּניקעס״ פאַרריכטן. ווען איך בין צוריקגעקומען האָב איך אַדריאַנען נישט געטראָפן לעבן די גאָפּט־פּעסער ווו עס איז גע־שטאַנען דער שטיל־געוואָרענער טראַקטאָר. זעט אויס אַז ער איז אַוועק אַרבעטן מיטן צווייטן טראַקטאָר. איך האָב זיך אַ ווײַלע אײַנ־געהערט אין דער שטילקייט און געוואָלט דערגיין דעם ווייטן גערויש פון טראַקטאָר. עס איז געווען אַרום פינף נאָך מיטאָג. שטילע פעל־דער, גאָלדיק־געוועלבטע און נידערונגען גרין־קופּערנע וועלכע צווייגן זיך אין דער נידער, אַראָפּ, ביז זיי גרייכן צו דעם טייך מאָק־שאַ. איך האָב געטראָגן אין אַ זאַק, פאַרוואָרפן אויפן אַקסל, דעם פאַרראָכטענעם טייל פון טראַקטאָר. איך בין געגאַנגען דורך זייטיקע פעלדוועגלעך, פאַרוואַקסענע פון ביידע זייטן מיט שטעכיקע דערנער און מיט פאַלין. עס איז געווען אַ צער צו זען ווי אַזוי די פעלדער זענען שלעכט צעאַקערט און ווי אַזוי דער פאַלין און די קראָפּעווע באַהערשן דאָ די גאַנצע לאַנדשאַפט. אומגעריכט איז אָנגעפאַרן אַ טאַראַנטאַס געשפּאַנט אין צוויי פערד. איך האָב גלייך דערקענט די דריי פאַרשוין וועלכע זענען דאָרט געזעסן; אויסער דעם אָנטרייבער האָב איך דערזען דעם קאָלכאָזנעם פרעדסעדאַטעל פון קראַסני יאַר, פּיאָטר סאַבאַליעוו און דעם ערשטן פאַרטיי־סעקרעטאַר פון דעם ראַיאָן. דער אָנטרייבער האָט איינגעהאַלטן די פערד און דער פרעד־סעדאַטעל האָט מיך געפרעגט וואָס איך טראָג אין זאַק. איך האָב פעטיאַן געוויזן דעם פאַרראָכטענעם טייל פון טראַקטאָר און געזאָגט, אַז איך זוך דאָס אָרט ווו אדריאַן אַקערט מיטן צווייטן טראַקטאָר. — דער ביעס אַקערט? זע וואָס פאַראַ פאַלין עס בליט דאָ! אַדריאַן ליגט אוודאי אין שאָטן אַן אָנגעזויפּענער! ניטשעוואָ, מיר וועלן אים בקרוב אָנטאָן סאָלדאַטסקע קליידער און וואָן! זאָל ער גיין צו אַלדי שוואַרצע יאָר אויפן פראָנט! — האָט געזאָגט דער מענטש פון דער פאַרטיי.

דער ראַיאָנער פאַרטיי־סעקרעטאַר האָט זיך אַ שווייגנדיקער אײַנ־געקוקט אין מיר און געפרעגט: — האָסטו געזען אַ פעלד ווו דער

קאָרן איז נאָך נישט געשניטן? דו קענסט דאָך די פעלדער? שטייט נאָך ערגעץ־ווו דער קאָרן אַ נישט־געקאָסיעטער?

איך האָב זיך אַרומגעקוקט, געוואָלט איבערוואַרטן אַ ווײַלע און נישט ענטפערן גלייך, וואָרעם איך האָב נישט פאַרשטאַנען אין וואָס עס גייט דעם פאַרטיי־סעקרעטאַר און וואָס ער איז אויסן.

— נישט געשניטענע פעלדער? מיר דאַכט זיך אַז אָט־אָט, דאָרט, ווו דאָס פעלדוועגל נידערט אַראָפּ, אַז דאָרט האָב איך געזען אַ ברייטע פּאַלאָסע פון אַ פופצן העקטאַר, וואָס גאָלדיקט זיך. מיר דאַכט זיך אַז עס איז אַ קאָרן־פעלד... האָב איך געזאָגט.

דער פאַרטיי־סעקרעטאַר האָט זיך ווי דערפרייט, נאָר פעטיאַ, דער קאָלכאָזנער פאַרזיצער, איז געוואָרן פאַרכמורעט און מיך בייז אָנגעקוקט.

איך האָב באַדויערט הלמאי מײַנע רייד זענען געקומען נישט באַטראַכטערהייט.

עס וואָלט אפשר בעסער געווען צו ציען מיט די אַקסל.

— זעץ דיך אַוועק מיט אונדז! — האָט געזאָגט דער פאַרטיי־פירער פון ראַיאָן.

מיר זענען געפאָרן לענגאויס דעם פעלד־וועגל. אויף טייל ערטער איז דער פּאָלין און די דערנער־אָנוואַקסעניש געוואָרן אַזוי געדיכט, אַזש ער האָט פולשטענדיק פאַרדעקט דאָס וועגל. די פערד האָבן זיך געריסן פון געשפּאַן, געוואָלט אַוועקשלעפּן דעם טאַראַנטאַס אָן אַ זײַט, וואָרעם די טרוקענע דערנער האָבן געשטאָכן זייערע בייכער און די פאָדערשטע פיס. זיי האָבן אַרויסגעלאָזט קורצע הירזשערייען, אונטערגעהאָפּסלט מיט די אונטערשטע פיס, אַזש זיי האָבן אָנגעשלאָגן זיך אָן די אַרטשיקעס.

איך בין געזעסן אין טאַראַנטאַס אַ שווייגנדיקער און געטראַכט, אַז כ׳האָב אוודאי פאַרקאָכט אַ קאַשע. פון די אָפּגעריסענע רייד האָב איך פאַרשטאַנען, אַז זיי זוכן צוואַנציק העקטאַר קאָרן, וואָס מען האָט נאָך נישט געשניטן און נישט אײַנגעזאַמלט אין די שייערן.

— נו, סאַבאַליעוו, ווהין זענען אַהינגעקומען די צוואַנציק העק־

טאַר? פרילינג האָט איר אָנגעגעבן, אַז איר האָט צעאַקערט און פאַר־זייט אַזויפיל און אַזויפיל העקטאַר. ווו זענען זיי? וואָלט איר אַליין געמאַכט אַ טעות, וואָלט מען נאָך פאַרשטאַנען. אָבער די טראַקטאָ־ריסטן האָבן אויך אָנגעגעבן אין זייערע באַריכטן, אַז זיי האָבן צע־אַקערט די צוואַנציק העקטאַר. ווו זענען זיי? מיינסט, פיאָטר סאַבאָ־לעוו אַז איך וועל זיך אַרומפירן אַ גאַנצן טאָג זוכן די נישט־אַראָפּ־גענומענע פעלדער?

דער קאָלכאָזנער פאָרזיצער איז געזעסן אַ שולדיקער און גע־שוויגן.

בעת מיר האָבן אָנגעהויבן צו נידערן מיטן וועגל, האָט זיך פאַר אַלעמענס אויגן אַנטפּלעקט אַ ריזיק פלאַכלאַנד צעגאָלדיקט פון דער פאַרנאַכטיקער זון.

דער פאַרטיי־סעקרעטאַר האָט אויפגעלעבט.

— אָט דאָס איז עס! עס איז דאַכט זיך מער ווי צוואַנציק העק־טאַר!

איך האָב געוואָרפן אַ בליק אויף פּעטיאַן און געזען, אַז זיין פּנים ווערט פאַרפינצטערט. ווען מיר זענען צוגעקומען נענטער האָט זיך פאַר אונדז אַנטפּלעקט אַ קראָפּעווע־פעלד מיט צייטיקע, גאָלדענע שטעך־קרוינען.

— האַלט איין די פערד! — האָט אויסגעשריען דער ערשטער פאַרטיי־סעקרעטאַר.

— פּאַשאַל וואָן!

איך בין אַראָפּ פון טאַראַנטאַס.

— איך וועל גוט געדענקען ווי דו האָסט געחוזקט פון מיר.

איך האָב נישט געוווסט צו וועמען ער האָט אויסגעשריגן „פּאַשאַל וואָן" און וועמען דער פאַרטיי־סעקרעטאַר האָט געדראָט: מיר אָדער דעם קאָלכאָזנעם פּרעדסעדאַטעל?

איך האָב פאַרוואָרפן דעם זאַק מיט די פאַרראַכטענע „פּאָד־שיפּניקעס" און אָוועק זוכן אַדריאַנען. איך האָב לאַנג נישט גע־דאַרפט זוכן ווייל ווי נאָר די ברישקע האָט זיך אַראָפּגעלאָזט, מיט

דעם וועגל ביז צום טאָל, כדי אויסצוקערעווען, איז פון שאָטן, לעבן אַ פלאַך טייכל, וואָס האָט דאָ אַרומגעקרייזט דעם אָווראַג, אַרויס אַדריאַן, פאַרריכטנדיק זיך די הויזן. ער האָט געוואָלט נעלם ווערן, בעת ער האָט דערקענט ווער עס זיצט אויף דעם טאַראַנטאַס, נאָר עס איז שוין געווען שפּעט.

— פאַרוואָס אַקערסטו נישט? פאַרוואָס שטייען די טראַק־טאָרן? — האָט אים געפרעגט דער פאַרטיי־סעקרעטאַר.

— וואָס טוסטו אָט דאָ, אין דעם טאָל?! — האָט מיט אַ נאָך שטרענגער קול געפרעגט פּעטיאַ.

— איך אַקער נישט ווייל עס פעלן טיילן צו די טראַקטאָרן, די פאַדשיפּניקעס האָבן זיך אויסגעריבן. אָט גייט מיכאַיל פון מ.ט.ס. טעג געדויערט ביז מען דערשלאָגט זיך צו אַ שרייפל... דער נאַפט איז אומריין... אַ ביסל אויל איז נישט צו באַקומען... בענזין אויף אָנצוצינדן דעם מאָטאָר קריגט מען נישט... פון פיר טראַקטאָרן אַרבעטן צוויי, ווייל איך מוז נוצן די טיילן פון די אַנדערע צוויי. איצט אַרבעט איינער. איז דער איינער אויך שטיין געבליבן... כ'זע, אַז מיכאַיל איז דאָ, וועל איך לאָזן דעם איינעם. עס איז דען מיין שולד? — האָט גערעדט אַדריאַן.

— פאַרוואָס אַרבעטן אַנדערע טראַקטאָריסטן? פאַרוואָס? זאָג הינטישער זון? מען דאַרף זיך דערשלאָגן! מען דאַרף זיך אַן עצה־טאָן, אַליין! דו קענסט נישט אַרבעטן! פאַרשטייסט זיך נישט אויף די טראַקטאָרן! צעברעכסט זיי!

בעת איך בין צוגעקומען נאָענט האָב איך דערזען ווי דער גרויסער, ברייטפּלייציקער אַדריאַן בייסט די ליפּן און די אויגן זיינע בליאַסקען מיט דעם לעצטן זונליכט פון דעם פאַרנאַכט. אפשר זענען זיי געווען פול מיט טרערן? ער איז געשטאַנען אַ הויכער, אַן אויסגעגלייכטער און מיט אַלע אינעווייניקסטע כוחות האָט ער געצוימט דעם כעס וואָס האָט אין אים געזאָטן אַזש דאָס פּנים האָט זיך אָנגעצונדן ווי אַ פייער.

— איך, אַדריאַן, קען נישט אַרבעטן? איך קען נישט דעם טראַקטאָר? איך פאַרשטיי נישט? — האָט ער מיט אומגעווײנט־לעכער שטילקייט און שאַרפקייט איבערגעחזרט די טענות פון פאַרטיי־סעקרעטאַר. ווי נאָר ער האָט זיי פאַרענדיקט, האָט ער האַסטיק אַ ריס געטאָן דעם רימען פון זיין גאַרטל, אויסגעקערעוועט זיך מיט דער פלייצע צו דעם פאַרטיי־סעקרעטאַר, צו דעם קאָל־כאָזנעם פאָרזיצער, צו די פערד און אָראַפּגעלאָזט די הויזן, אַנט־פּלעקנדיק דערביי דעם נאַקעטן אונטערשטן טייל זיינעם.

— מיין תחת פאַרשטייט מער פון אייך אַלעמען — האָט ער אויסגערופן.

איך האָב געזען ווי ער איז האַסטיק אַוועקגעגאַנגען צום קליי־נעם טייכל, אַראָפּגעצויגן פון זיך די אייבערשטע בלוזע און אַרייג־געשליידערט זיך אַ נאַקעטער אין די טיפע גראָזן ביים ברעג פון טייכל. איך האָב נישט געוואָגט צו דערנענטערן זיך צו אַדריאַנען.

די מענטשן זענען אַוועק מיטן טאַראַנטאַס. איך האָב געקוקט ווי אַדריאַן טאַרגלט זיך אין גראָז, ווי אַזוי ער שטעלט זיך אויף און וואָשט זיין פּנים אין וואַסער און ווי אַזוי ער ברעכט פאַר רציחה צווייגן, דערנער, ביימלעך, אַלץ וואָס ער טרעפט אָן אויפן וועג.

איצט מיט עטלעכע חדשים שפּעטער, אין דער ערשטער נאַכט נאָך דער מאָביליזאַציע, אין דאָרף אַלעקסאַנדראָוואַ, אין וואַלינקאָס כאַטע, האָב איך, בעתן אָננעמען פייער פאַר מיין „ציגן־פיסל" פון פיעטקאָס ציגאַר, אַ ווײלע איינגעהערט זיך אין אַדריאַנס ליבע־רייד צו וואַלינקאַ פון אויפן־אויוון און געפרעגט דעם פּרעדסעדאַ־טעל פון קראַסני־יאַרער קאָלכאָז:

— פאַרוואָס האָט דאָס גרויסע פעלד, צום סוף פון יענעם פעלד־וועגל, ביי דעם טייכל, אַזוי געגאָלדיקט זיך מיט פאַלין? פאַרוואָס זענען געלעגן פעלדער נישט באַאַרבעטע?

פּעטיאַ האָט פאַרצויגן דעם רויך טיף, ווי ער וואָלט געוואָלט

מיט דעם פונק פון זיין ציגאַר באַלייכטן מיין פּנים און זיך איינ־קוקן אין מיר.

— ביז מיט עטלעכע יאָר צוריק האָבן די קאָלכאָזן צוגעשטעלט שטייערן אין נאַטור פאַר דער מאַכט נאָר פון די פעלדער וועלכע זיי האָבן באַאַרבעט. די פּאַרטיי־פירונג אין מאָסקווע האָט אָבער דאָס געענדערט, באַשליסנדיק, אַז מען זאָל צאָלן שטייערן אין דער נאַטור פון דער ערד וועלכע איז לויטן פּלאַן קאָלכאָזנע. קראַסני־יאָר האָט קיין מאָל נישט געהאַט קיין סך ערד. דאָס איז געווען גוט פאַר אונדז, ווייל מיר האָבן געקענט בעסער באַאַרבעטן די ערד און די גערעטעניש איז געווען אַ הויכע. האָט מען אונדז צוגעטיילט נייע ערד. דאָס איז געשען נאָך פאַר דעם באַשלוס, אַז מען מוז צאָלן שטייערן אין נאַטור פון אַלע באַדנס וועלכע זענען „צוגע־פעסטיקט" צום קאָלכאָז. איצט ברודערל, מוז מען צאָלן שטייערן פון יעדן דאָרן־פעלד אפילו. און וואָס איז דער סוף? די רעגירונג נעמט אַוועק אַלץ! דאָס גאַנצע גערעטעניש. אפילו דעם רעזערוו פאַר זריעה! זיי טרויען אונדז נישט צו האַלטן די זריעה, ווייל מען וועט זי אויפעסן. ווען מען דאַרף אויסטיילן די קאָלכאָזניקעס פאַר די „טרודאָדני" האָבן מיר גאָרנישט. בפירוש גאָרנישט. די ערשטע וועלכע נעמט איר חלק, דאָס איז די רעגירונג, דערנאָך מוז מען באַצאָלן מיט נאַטור דער מ. ט. ס. פאַר די טראַקטאָרן וועלכע אַר־בעטן, די טראַקטאָריסטן. עס בלייבט נאָר פּאַלין, פּלעווע אויף די דרעש־פעלדער און אַביסל קאָרן פאַר די וועלכע נעמען זיך אַליין, אין די נעכט, אָדער בעת מען דרעשט.

דער קאָניוך סטיאָפּקאָ האָט גערעדט פון שלאָף אומפאַרשטענד־לעכע רייד, דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן צו ווייגען מיט אַן אויס־געצויגענעם ניגון. אַגולייעוו האָט אים אַ טרייסל־געטאָן: — סטיאָפּאָ, שרעק זיך נישט, וועסט נישט אַראָפּפאַלן פון דער פּיעטש־קע... סטיאָפּקאָ, קרעכץ נישט... וועק זיך אויף...

אין דער כאַטע איז געווען טונקל, די פראָסט־שייבלעך אויס־

געלאַשן. פון דער פּיעטשקע איז דערגאַנגען אַדריאַנס כראָפּעריי.
— עס ווערט נישט ליכטיק ביז די פינצטערניש דערגרייכט נישט צום סאַמע דנאָ פון דער נאַכט — האָט געזאָגט וואַסיליעוו, דער וואָס איז אַמאָל געווען אין דער סעקטע רעכטגלייביקע. — אַלץ וואָס פּעטיאַ דערציילט באַווייזט, אַז צו דער צייט פון פינצטערניש נעמט אַ סוף. די מלחמה מיטן גערמאַניעץ איז איינע פון די פיל אומגליקן פון ראַסיי. די קראָפּעווע־פעלדער, די פאַרמיסטיקונג פון דער ערד מיט ווילד־קרייטעכצער, אויך די פאַרדאַרבונג פון מענטש. די דייטשן זענען אַ טייל פון גאַנצן רשעות, פון אומזין, פון פאַרווילדונג.

ער האָט גערעדט אין דער נאַכט, נאָר קיינער האָט אים מער נישט געהערט, ווייל דער ערב־פאַרטאָגיקער שלאָף האָט אַלעמען גובר געווען.

# קאַפּיטל אַכצן

פֿאַרטאָג האָבן מיר געזאַמלט זיך אין מיטן גאַס פֿון אַלעקסאַנ־דראָווע. דער פֿראָסט האָט זיך אין דער נאַכט געבראָכן און עס האָט געפּראָשעט אַ פּייכטער שניי, אַ דינער און לייכטער, אַזוי ווי ער וואָלט געווען דורכזעעוודיק, ווייל מיר האָבן געזען די בלאָקייט פֿון נאָענטן וואַלד און דעם טונקעלן זילבער פֿון דעם וועג מיט די פֿערדישע פּיס־אָפּדרוקן ווי צעשאָטענע אַלטע מטבעות.

פֿון די כאַטעס זענען געקומען אין געאייל די מאָביליזירטע, האַלב־פֿאַרשלאָפֿענע, פֿאַרקנוילטע, מיט רוקזעק אויף די פּלייצעס. די קוימענס האָבן זיך שוין גערויכערט און דער רויך האָט זיך פּיאַלעט געוויקלט אין די הימלהייכן.

אַלע כאַטעס זענען געווען געבויט פֿון רויע סאָסנע־קלעצער, אַרויפֿגעלייגטע איינע אויף דער אַנדערער, צוגעטעסעטע, אַז זיי זאָלן נישט האָבן קיין שפּאַלטן, געשלאָסענע ביי די ראַנדן, די גאַנצע לענג, צווישן די בעלקעס, איז געווען אויסגעפּילט מיט וואַלד־מעך. יעדע הילצערנע שטוב האָט געהאַט פֿאַרנט, צו דער גאַס אַרויס, דריי קליינע פֿענצטערלעך. דער אַריינגאַנג האָט גע־פֿירט זייטיק, דורך אַ קרילעץ מיט שטיגלעך, וואָס האָט זיך געצויגן לענגאויס דער כאַטע ביז צו אַ טיר. דער קרילעץ איז געווען אַ געדעקטער מיט אַ דעכל, געשלאָסן מיטן דאַך פֿון הויז. די טיר האָט געפֿירט צו אַ פֿאַדערהייזל, אַ טונקלס, וואָרעם עס האָט זיך דאָ אָנגעהויבן דער שטאַל, אָדער דער שטוב־אַמבאַר. ערשט אין פֿאָדערהייזל איז געווען אַ טיר צו דער כאַטע. באַלד פֿון דער טיר האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער רוסישער אויוון, אַ געמויערטער

פון ציגל און פאַרדעקטער מיט ליים, אַ ווייס־געקאַלכטער. דער אויפן־אויוון איז געווען ברייט, פאַרלייגט מיט שובעס, מיט אַ וואַל־דעק אָדער מיט שעפּסן־פעל. דער אויוון איז געווען נידעריקער פון סופיט אויף איבער אַ מעטער. לענגאויס דעם אויוון איז געווען אַ הילצערנע באַנק און אין דעם אויוון — מייערלעך אויף אריינ־צולייגן די אַניטשעס, די הענטשקעס, אַז זיי זאָלן זיך דורך דער נאַכט אויסטריקענען. ביי אַ דריי מעטער לאַנג האָט געהאַט דער אויוון. נאָך אים דאָס ווינקל וועלכן מען האָט גערופן דער טשולאַן מיט אַן איינגאַנג, פאַרהאַנגען מיט אַ פאַרהאַנג. דאָס איז געווען דער טייל פון דער כאַטע, ווו עס האָט געבאַלעבאַטעוועט די כאַזייקע. דאָ איז געווען די אויוון־עפענונג, דאָ איז געשטאַנען אַ באַנק, ווו עס איז מיט אַ האַנטעך געווען פאַרדעקט דאָס ברויט און דאָ האָט זי געהאַלטן די טעפּ. דאָס הילצערנע פעסל אויף וואַסער און פאַמאַיעס און דאָ האָט זי זיך אויפגעקעמט מיט אַ גרויסער קאַם. דער טשולאַן האָט געהאַט אַ פענצטער, וואָס איז ארויס אין גאַס אַריין. פון דאַנען האָט זי געזען און געהערט וואָס עס טוט זיך אויף גאַס וועלטל, אויב די קומעס זענען שוין אַוועק נאָך וואַסער צום טייכל אָדער ווו עס רויכערט זיך שוין דער קוימען. דער איבעריקער טייל פון דער כאַטע איז געווען באַשטעלט מיט אַ הילצערנעם טיש, מיט לאַנגע בענק אַרום די ווענט. עס איז דאָ געשטאַנען אַ ברייט בעט, תמיד פאַרבעט, וואָרעם מען איז אין אים נישט געשלאָפן, סיידן עס איז געקומען אַ גאַסט פון דער פרעמד. אין רעכטן ווינקל, נישט ווייט פון פענצטערל, אויף אַ פאָך זענען געשטאַנען עטלעכע אַלטע רוסישע איקאָנעס און אונטער די איקאָנעס פאַרשיידענע פאַפּירלעך פון דער וואָלאָסט, די בריטווע מיט אַ קיזל־שטיין. אויבן־אָן, אויפן טיש, האָט געפינקלט דער קופּערנער סאַמאָוואַר און אין אַ זייט, האָט אָפּגעטיילט דעם טשולאַן פון דעם איבעריקן טייל פון דער כאַטע אַ „גאַלאַנדקע" — דאָס איז געווען אַ קליינער ליימענער אויוון נאָר אויף צו דער־וואָרעמען די שטוב אין די גרויסע פרעסט. אויסהייצן די „גאַלאַנדקע" איז געווען אַן „אויסברענגעריי" און מען האָט דאָס געטאָן, אָדער

בעת „קרעשטשעניע״, אָדער, ווען די קעלט איז שוין אַזוי צוגעשטאַ־נען, אזש דער גרויסער אויוון האָט שוין נישט געהאָלפֿן.

ווער ווייסט אויב איך וועל זיך ווען עס איז אומקערן אין די געגנטן ?

עס איז מיר געווען אַ שאָד דאָס אַוועקגיין פֿון טענגושיי און אַ שאָד הלמאי די נאַכט אין אַלעקסאַנדראָוואָ האָט זיך אַזוי שנעל פֿאַרענדיקט.

איך האָב דערקענט אין אַדריאַנען דעם צער פֿון איבערלאָזן וואַלינקאַן אַליין אין אַ וואַרעמער כאַטע. פֿאַרטאָג האָט ער געשוויגן, אויסגעמיטן אונדזערע בליקן, קוים געענטפֿערט אויף דעם „זדראַווו״ און געהאַלטן זיך זייטיק.

ווי נאָר מיר האָבן גערירט אין אַן אויסגעצויגענער רייע קיין באַראַשאָוואָ, איז אַנגעלאָפֿן וואַלינקאָ. זי האָט געטראָגן אַ לאַנגן טולופּ, אויפֿן קאָפּ אַ ווייס טיכל. עס האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז איר שטערן איז גאָר הויך, ווייל די לאַנגע האָר אירע זענען געווען פֿאַר־פֿלאָכטן אויף פֿאַרנט, צונויפֿגעלייגט איבערן שטערן, פֿאַרבונדן מיט אַ ברעטל און פֿאַרדעקט מיט אַ ווייס קאַפּטיכל. זי האָט איצט אויס־געזען שיין אין דעם שניייִקן פֿאַרטאָג. די אויגן, גרויסע, שיפּלעכע פֿון ביידע שלייף־זייטן אויף אַרויף, ווי פֿייגל אין פֿלי. די ברעמען טונקעלע, געדיכטע, די נאָז אַ דינע, די קינבאַקן שאַרפֿע, הויכע און דאָס מויל שיין־געשניצט מיט פֿולע זאַפֿטיק־רויטע ליפּן. זי איז געווען אין גאַנג פֿלינק. איין האַנט האָט זיך ריטמיש באַוועגט און די אַנ־דערע האַנט איז געווען פֿאַרלייגט אונטער דעם צעקנעפּלטן טולופּ, וואָס האָט געפֿלאָטערט מיט די ברייטע פּאָלעס.

זי האָט אַנגעשפּאַרט איר קאָפּ אָן אַדריאַנס ברוסט און אַ ווײַלע אַזוי געבליבן שטיין.

מיר האָבן פֿאַרהאַלטן די טריט און צוגעקוקט זיך.

וואַלינקאָ האָט געוויינט.

פון אַ קרילעץ האָט אַ פּויערטע איבערגערופן זיך מיט איר שכנטע: „אַז ווען וואַלינקאָס מוזשיק וועט צוריקקומען, וועט ער זי דערהרגענען. אַזוי אָפן, פאָרן גאַנצן נאַראָד?"...

— ער וועט נישט צוריקקומען. קיינער וועט נישט צוריקקומען.

— האָט עמעצער אויסגערופן פון די מאָביליזירטע פּויערים.

וואַלינקאַ האָט זיך האַסטיק אויסגעקערעוועט צו די פּויערטעס אויפן קרילעץ און געקוקט אויף זיי מיט פאַראַכטונג.

איך האָב געהערט ווי זי האָט שטיל געזאָגט, אַזוי ווי צו אַדריאַ־נען און זיינע חברים:

— ער האָט מיך סייווי געמוטשעט און געהרגעט, מיין מוזשיק. וואָס פאַראַ לעבן האָבן מיר ביז איצט געזען? איר פאַרגינט נישט הלמאי אַזאַ כלאָפּ ווי אַדריאַן איז געשלאָפן מיט מיר? וויעדמי! — זי האָט געגעבן אַדריאַנען אַ קליין פּעקעלע און איז מיט גלייכע טריט אַוועק צוריק צו איר כאַטע.

אַדריאַן האָט די גאַנצע צייט געשוויגן. ער האָט אַרויסגענומען פון דעם לייוונטענעם זעקעלע, וואָס וואַליאַ האָט אים געגעבן, אַ פלאַש בראָנפן און נישט אָפּשטעלנדיק זיך, מיט איין זופּ, אויסגע־טרונקען איבער אַ האַלבע פלאַש. דאָס איבעריקע האָט ער אַוועק־געגעבן אַגולייעוון.

— בראַטצי — האָט אַדריאַן גערעדט — איצט פיל איך, אַז איך וועל דערגיין ביז מאָסקווע, ביז צו די פאָדערשטע פראָנט־פּאָזיציעס. מיר וועלן שלאָגן דעם גערמאַניעץ און אים פאַריאָגן ביז בערלין. וואָס קריכט ער אויף אונדזער ערד? וואָס וויל ער פון אונדז? איר וועט זען, רעביאַטאַ, ווי מיר וועלן אים שלאָגן! ווייסט איר פאַרוואָס? דערפאַר ווייל אין אונדז האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ צאָרן פון אַלע הונגער־יאָרן און פון אַלע באַליידיקונגען! ביז איצט האָבן מיר נישט געהאַט אויף וועמען אויסצולאָזן דעם צאָרן. וואָס האָב איך געקענט בייזערן זיך אויף פּיעטקאַ סאַבאַליעוו, דעם קאָלכאָזנעם פּרעדסעדאַ־טעל? ער איז דאָך אַזאַ מוזשיק ווי איך! וואָס האָב איך געקענט פאַרלאַנגען פון די מיליציאַנערן און נ.ק.וו.ד.־לייט? די זעלביקע

רוסישע מוזשיקעס ווי איך! מען האָט זיי געהייסן, האָבן זיי געטאָן שלעכטס דעם נאַראָד. אין מאָסקווע זענען געווען די שולדיקע? ניין. נישט געווען אויף וועמען אויסצולאָזן די באַליידיקונג. אַ משונה־דיקע וועלט, מיר אַליין האָבן געמאַכט אַ תל פון אונדזער לאַנד. דערצו האָבן מיר רעכט! עס איז אונדזער לאַנד! דער טשאָרט, היט־לער, ער פאַרגינט אונדז אַפילו נישט דאָס הונגער־לעבן! ער וויל אונדז פאַרוואַנדלען אין שקלאַפן... עס איז גוט, בראַטצי, וואָס מיר האָבן איצט אויף וועמען אויסצולאָזן אונדזער צאָרן און וועמען צו באַווייזן אונדזער כוח!

אגולייעוו האָט אים געוואָלט אָפּשטעלן, באַרויִקן, געשושקעט אין אויער אַריין, געבעטן זיך ביי אים, נאָר עס האָט נישט געהאָלפן.

איינער פון די מיליטערישע באַגלייטער האָט זיך פאַרהאַלטן לעבן אונדז מיט זיין פערד און באַפוילן: גיע באַלטאַט!

אַדריאַן האָט אים אָנגעקוקט מיט אַ רויט־פלאַמיקן פנים, מיט גוטמוטיקע אויגן און געזאָגט:

— טשעוואָ, אַגאַפּאַן, איך קען דאָך גוט דיין פאָטער! ער איז אַ שאָקשער קאָלכאָזניק! וואָס מאַכסטו זיך אַזוי וואַזשנע? גיב אַוועק דיין פערד צוריק אין קאָלכאָז אַריין, אַז מען זאָל אין פרילינג באַ־אַרבעטען די גערטנער און שטעל זיך אַריין אין דער רייע צוזאַמען מיט אונדז. עס איז דאָ פּלאַץ פאַר דיר אויפן פראָנט!

דער באַגלייטער האָט פאַרקערעוועט דאָס פערד און איז אַוועק־געריטן.

מיר זענען איצט געגאַנגען דורך וואַלד. עס איז דאָ געווען אַזוי שטיל ווי אין אַ טעמפּל. מען האָט אַפילו אונדזערע טריט נישט גע־הערט, וואָרעם דער שניי איז דאָ געלעגן פּוכיק־ווייך. די שאָטנס פון די הויכע סאָסנע־שטאַמען, בלאַלעכע און פיאָלעטע, די פייגל־שפּורן אין די וועג־זייטן ווי געהעפטערייען אויף ווייסע טישטעכער און דער נעפּלדיקער הימל צוליב די לייכטע, דורכזעעוודיקע שנייעלעך, וועל־כע זענען גאָרנישט געפאַלן אויף דעם באָדן, נאָר אַרומגעשוועבט,

אַרומגעפּלאָטערט אין די הייכן ווי ליכטיקע פּלאַטערלעך. איך האָב זיך עטלעכע מאָל אָפּגעשטעלט. איינגעקוקט זיך אין די פּייגל־שפּורן לענגאויס דעם וועג, געקוקט אויף די רוסישע מוזשיקעס און גע־שפּירט ווי די ווינטערלאַנדשאַפט און די מענטשן אַרום מיר שטאַרקן מיך.

איך האָב זיך באַטראַכט ווי איינער פון זיי, וואָרעם אויך איך האָב עמעצן, וואָס איז מיר נאָענט, איבערגעלאָזן אין אַזאַ דאָרפישער כאָטע און אויך מיך האָט מען באַגלייט צו דער מאָביליזאַציע.

איך האָב געוואָלט אַרויסנעמען פון מיין בוזעם נאַדיעזשדאַס בריוו מיטן העפט און לייענען, נאָר מיינע פינגער זענען ווי פאַרהילצערט געוואָרן. בעסער שפּעטער, ווען מיר וועלן אָנקומען קיין באַראַשאָוואָ און פאַרנעמען ערטער אין דער שמאָלער קאַלייקע, די אַזוי גערו־פענע „טעפּלושקאָ", זי וועט אונדז דורכפירן דורך דעם לאַגער, ביז דער סטאַנציע פּאָטמאָ. דאָרט וועלן מיר זיך איבערזעצן אויף איינעם פון די צוגן וולאַדיוואָסטאָק־מאָסקווע.

וואַסיליעוו, דער בוכהאַלטער פון זעמסקי אָטדעל, האָט זייט נעכטן געזוכט אַ געלעגנהייט מיט מיר זיך דורכשמועסן. איך האָב דאָס דערקענט פון דער רגע אָן, ווען איך האָב זיך באַוויזן מיט נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָוונאַ ביים סעלסקי סאָוויעט. ער האָט געקענט נאַדיעזשדאַן, ווייל ער האָט זיך מיט איר באַגריסט און געפרעגט אויפן געזונט פון איר פאָטער.

— דאָס איז געווען ס'לעצטע מאָל ווי מיר זענען געשלאָפן אין אַ וואַרעמער כאָטע, איצט וואַרטן אויף אונדז נעכט אין וואַגאָנען, קאַזאַרמעס און טראַנשייען — האָט וואַסיליעוו געזאָגט. ער האָט זיך אויסגעקערעוועט מיטן פּנים צום דאָרף. מען האָט מער גאַרנישט געזען אויסער אַ זילבערדיק־פּיאַלעטן נעפּל, אַ געמיש פון וואַלד, שניי און שאָטנס פון קוסטעס, וואָרעם די קוסטעס אַליין זענען געווען ווייס און נישט אָנזעעוודיק.

וואַסיליעוו האָט מיר דערציילט, אַז אַ געוויסע צייט האָט ער זיך געלערנט אין אַ דוכאָוונעם סעמינאַר אויף צו ווערן אַ פּאָפּ. מען האָט

דעם סעמינאַר פאַרמאַכט און צעשיקט די שילער אין די קאַלכאָזן. צוויי יאָר האָט ער שטודירט אַלט־רוסישע געשיכטע אין קאַזאַן. מען האָט דערנאָך אויפגעדעקט, אַז ער איז פון „קלעריקאַלן אָפּשטאַם" און אים פאַרטריבן פון קאַזאַנער אוניווערסיטעט.

— די פּויערים פון די געגנטן זענען טיף־גלויביקע. נישט אַזוי אין תפילות און אין ריטואַל, ווי דורך נשמה־ריינקייט.

אַזוי ווי דער סיסטעם פון קאָלכאָזן און סאָווכאָזן האָט צוריק־געפירט דאָס לעבן אין דאָרף צום מיטלעלטער, ווען די פעלדער און וועלדער האָבן געהערט צו די מאָנאַסטירן און סאָבאָרן און דער פּויער האָט מער גאָרנישט פאַרמאָגט ווי זיין כאַטע מיט אַ פּיצל ערד אויף אַ גערטנדל און געמוזט, כדי אויסצוקומען, אַרבעטן אויף די פרעמדע פעלדער, פאַרן ביסל רעכט צו געניסן פון דעם פּאַשע־פעלד, פאַר רעכט אָנצוהאַקן זיך האָלץ אין וואַלד און צו עקזיסטירן אין דער באַגרענעצטער פרייהייט, אַזוי איז עס אויך איצט.

גראָד אין דער סאָוויעטישער צייט האָבן אָנגעהויבן אויף ס'ניי אויפלעבן די אַלטע סעקטעס וועגן וועלכע מיר האָבן שוין אַפילו נישט געהאַט געדענקט.

פאַרוואָס פאַרהייליקט מען אַזוי דאָס בילד פון „פאָטער פון די פעלקער" ? פאַרוואָס האָט מען פאַרשיקט טויזנטער מענטשן קיין סיביר בלויז דערפאַר, ווייל זיי זאָלן האָבן „פּראָפאַנירט" סטאַלינס פּאָרטרעט ? האָסטו נישט געזען ווי אַזוי סטאַלין איז געמאָלן אויף די פּאָרטרעטן ? עס איז דאָך אַן איקאָנע ! האָסטו געזען סטאַלינס דענקמעלער ? דאָס רוסישע פאָלק האָט אַ נייגונג צוריקצוגיין צום פּאַגאַניזם. מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָט דער סאָבאָר פאַרבאָטן האַלטן אין די צערקוועס סקולפּטורן ! ווייסטו פאַרוואָס ? דערפאַר וואָס דאָס פאָלק האָט באַטראַכט די סקולפּטורן פאַר גאָט ! זיי האָבן געזען אין די איקאָנעס גופא גאָט אַליין ! יעדעס מאָל דערוואַכט דאָ אַ שטראָם, וואָס פירט צוריק צו פּאַגאַניזם, ווייל דער רוסישער פּאַ־גאַניזם האָט געהאַט טיפע עטישע לערעס און ער איז נישט געווען געצנדינעריש און פרימיטיוו ווי ביי אַנדערע פעלקער. די סאָוויעטישע

וולאָסט נוצט דאָס אויס. זיי גיבן דעם פאָלק צוריק אַ פּאַגאַנישן גאָט — און דאָס איז סטאַלין, דער איינציקער זון פון גאָט לעניִן. כאַ־כאַ־כאַ. דער קולט פון סטאַלינען וועט נישט לאַנג אָנהאַלטן ביי אונדז. עס איז אָן אידעאָלאָגיע אָן יעדער שפּור פון מאָראַל. כאַ־כאַ־כאַ...

וואַסיליעוו האָט געלאַכט מיט ביטערניש. איך האָב געשוויגן, נאָכגעפאָרשט יעדן אויסדרוק פון זיין פּנים און אַנטדעקט, צום מיין שטוינען, דאָס, וואָס איז געווען אַזוי פאַרבאָרגן אין אים: דער אינ־טעליגענטער און געבילדעטער מענטש מיט אַ סך וויסן. אויסערלעך איז וואַסילעוו מיט גאָרנישט געווען אַנדערש פון אַלע פּויערים. ער איז געווען גוט אויפגעלייגט מיט אַדריאַנען, געטרונקען מיט אַלעמען בראַנפן, גערעדט מיט דעם לשון פון קאַלכאָזניקעס, צו אַגולייעוון אָדער פּיעטקאַ און געקענט דערנאָך מיט לייכטקייט אַריבערגיין צו רייד וועגן רוסישער ציוויליזאַציע

— אין דער געגנט פון מאָרדאָוויע, ביז דער שטאָט וולאַדימיר און צפון־אַרויף, ביז ניזשני נאָווגאָראָד, האַלט נאָך שטאַרק אָן דער אַלט־רוסישער אורגלויבן. דאָ האָבן די פּויערים אַליין געמאַכט זיך זייערע איקאָנעס, ווו די הייליקע זעען אויס ווי ערד־אַקערער, ווי שאָף־פּיטערער, ווי רייטער. אין די שטיבער טרעפט מען אָפט די איקאָנע פון איליאַ דעם נביא — דער וואָס היט אויס די פעלדער פון טריקענישן, פון דונערן און בליצן, פון שלעכטע וועטערן. דער הייליקער כריסטאָפאָר באַשיצט זיי פון עפּידעמיעס; יעווסטאָפי און טריפאָן — פון די פעלד־שעדיקער. די ערד־אַקערער האָבן זייערע הייליקע — צו זיי געהערט יעגאָרעי. די פישער, האָלץ־טעסער, די וואַלד־העקער, די פאָראָם־טרייבער — זיי פאָרערן דעם הייליקן ניקאָליי דעם בעל־מופת. אָפט זעט מען דאָ אין די פּויערישע היימען איקאָנעס פון הייליקן געאָרג, וואָס איז מנצח אַ שלאַנג, אָדער ווי אַזוי ער גאַלאָפּירט אויף אַ פלינק פערד. די הייליקע זענען געוואָרן אַ טייל פון פּראַוואָסלאַוונעם גלויבן און זייערע איקאָנעס באַצירן די היימען. אין וואַלינקאָס כאַטע הענגט די איקאָנע פון דער הייליקער

פּאַראַסקעוואַ — די מליץ־יושרין פון פרויען און די פּאַרטיידיקערין פון די בתולות. מיכאיל, דו האָסט נישט אַכט געלייגט אויף דער איקאָנע אין איר הויז און אפשר אויך נישט אויף די אַנדערע איקאָנעס, וועלכע דו האָסט געזען אין די דאָרפישע היימען. זיי שטייען איצט פאַרשאָטנט, אין די ווינקלען, מען צינדט נישט קיין קאָנעצלעך לעבן זיי, מען קניט נישט פאַר זיי און מען צלמט זיך נישט. דאָך זענען זיי געבליבן אין יעדן איינעם האָרץ. נעכטן, בעת מען האָט זיך צוגעשטעלט צו דער מאָביליזאַציע, זענען אויף פיל שליטנס געווען פאַרדעקטע איקאָנעס. די מער דרייסטערע האָבן די איקאָנעס אָפּגעדעקט און געקניט פאַר אַלעמענס אויגן אָפן, אונטער די אויסגעפּרווירענע, גלייכגילטיקע הימלען, וואָס קוקן זיך שוין אַזוי צו פיר און צוואַנציק יאָר צום ליידן פון רוסישן פאָלק.

איך בין געגאַנגען שפּאַן ביי שפּאַן, אין די זעלביקע פוסטריט, וואָס וואַסיליעוו און זיך איינגעהערט אין זיינע רייד. די מענטשן פאַר אונדז זענען געווען ווייט פאַראויס. מיר זענען געווען די לעצטע.

אַרום אונדז האָט זיך געשפּרייט דער וואַלד שטיל, ווייס־זילבערדיק, בלאָ־פיאָלעט, מיטביימער־שטאַמען ברוין ווי קופער, גרוי ווי אַלטער זילבער, גאָלדיק ווי די זון־ליכט. די קרוינען האָבן זיך נישט אויסגעטיילט פון דעם הימל, וואָרעם זיי האָבן זיך צונויפגעגאָסן מיט דעם ליכט פון הימל.

עס איז מיר אויסגעקומען, אַז מיר גייען צווישן זיילן; גרויסע, דיקע, באַצירטע מיט אָרנאַמענטן. טייל מאָל האָבן זיי אויסגעזען ווי זיילן מירמלנע, אוראַלטע, פון אַ טעמפּל, וווּ גאָט אַליין האָט תּפילה־געטאָן פאַר די ליידנדיקע מענטשן.

באַראַשאָוואַ איז געווען אַ וואַלד־סטאַציע, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ רעגירונגס־צענטער פאַר צושטעלן תּבואה, קאַרטאָפל, פּירות, וואָל, פעל און פּי פאַר די מלוכה־שטייערן אין נאַטור.

דאָ זענען אין געאייל אויפגעבויט געוואָרן גרויסע הילצערנע אַמבאַרן, פּאַגרעבן און סטאַדאָלעס. זיי זענען געשטאַנען צעוואָרפן

אין פאַרשיידענע ערטער פון דעם דאָרף, וואָס האָט גאַרנישט אויס־געזען ווי קיין דאָרף, נאָר ווי אַן אָנהויף פון אַלערליי הילצערנע גע־ביידעס. דאָס אַלץ האָט זיך געפונען לענגאויס די רעלסן פון אַ שמאָ־לער קאַלייקע, וועלכע האָט געפירט אין טעמניקאָווער פאַרשיקונגס־לאַגער.

מיט דער שמאָלער קאַלייקע האָט מען זיך געקענט באַנוצן נאָר מיט ספּעציעלע „פּראַפּוסקן" פון דעם לאַגער־קאָמענדאַנט. דער „וואָקזאַל" — אַ הילצערנע שאָפּע, ווו אויף דעם דיל האָבן זיך טאָג און נאַכט געוואַלגערט פאַרשיקטע און נישט־פאַרשיקטע, וואַרטנדיק אויף דער „טעפּלושקאָ".

די געגנט אַרום איז געווען אַ וואַלדיקע, אָבער דאָס האָקן דעם וואַלד, ווען מען האָט נאָר געוואָלט און ווו מען האָט נאָר געוואָלט, האָט זי פאַרוואַנדלט אין אַ וואַלד־צמענטאַר; עס האָבן זיך געוואַל־גערט צעפּוילטע שטאַמען, עס האָבן געסטערטשעט נאַקעטע וואָרצ־לען, עס זענען דאָ געווען גריבער, פול מיט וואַסערן פון די רעגנס. די וועגן האָבן זיך שלאַנגיש געוויקלט כדי אויסצומיידן די גריבער, די בלאָטע־קאַנאַוועס. די וואַסער־אָדערן פון די וועלדער האָבן פאַר־וואַנדלט באַראַשאַוואַ אין אַ זומפּ ווו פרילינג, זומער און האַרבסט האָבן די פערד נישט געקענט אַרויסציען די וועגענער. איצט איז אַלץ געלעגן אונטער אייז און פראָסט און שניי.

# קאַפּיטל ניינצן

די „טעפּלושקאַ"־וואַגאָנען זענען צוגעשטעלט געוואָרן ערשט נאָך האַלבן טאָג. מיר האָבן נישט געפֿונען קיין אָרט אין דעם באַראַק וועלכן מען האָט גערופֿן „וואָקזאַל", וואָרעם דאָ זענען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע אַלערליי „באַפּרייטע" וואָס האָבן שוין נישט געהאַט וווהין צו פֿאָרן. לעבינגראַד איז בלאָקירט, אוקראַינע איז אין די הענט פֿון די דייטשן, מערבדיק פֿון מאָסקווע שטייט דער גערמאַניעץ, אויסער דעם זענען זייערע באַפּרייונגס־ספּראַווקעס געווען אויס־געשטעלט נאָר אויף דעם ווייטן הינטערלאַנד. די באַפּרייטע, וועלכע האָבן נאָך געהאַט אַ ביסל כּוח און געוואַגטקייט, האָבן זיך דערשלאָגן קיין פּאַטמאַ, די סטאַציע וועלכע פֿאַרבינדט זיך מיט דעם הויפּט־באַן־וועג מאָסקווע־ווייטער מזרח. די וואָס האָבן נישט געהאַט קיין מלבושים צוגעפּאַסטע פֿאַר ווינטער, נאָר צעשליסענע פּופּייקעס, שטיקער גומי־אָפּאַנעס פֿון אויטאָ־רעדער פֿאַרקנופּטע מיט שטריק, און אָנשטאָט וואַלענע אָניציעס און פֿוס־וויקלערס — אַלטע זעק, זיי האָבן געוואַרט אין באַראַשאַוואָ, איינע פֿון די צוויי טויערן דורך וועלכע מען האָט געקענט אַריינפֿאָרן אָדער אַרויספֿאָרן פֿון דעם קאָמפּלעקס לאַגערן, וואָס האָבן זיך גערופֿן „טעמלאַג".

דער צווייטער טויער, דער וויכטיקערער, איז געווען פּאַטמאַ.

דער ריזיקער שטח פֿון דער מאָרדוויניִשער אויטאָנאָמער רעפּובּ־ליק, הונדערטער קילאָמעטער אין דער ברייט און אין דער לענג, איז געווען אַ הערמעטיש אָפּגעשלאָסענער.

פֿאַר די מידע, אויסגעמאַטערטע, אָפּגעריסענע און היימלאָזע איז באַראַשאַוואָ געווען אַ טויער צו דער געגנט פֿון קאָלכאָזן, צו די דערפֿער און קליינע ראַיאָן־שטעטלעך ווו עס איז דאָ אַ האָפֿנונג

זיך „צוצוסטרויען” צו אַן אַרבעט און צו געפינען אַ וואַרעם ווינקל.

וויפל מאָל איך האָב נישט געפּרוווט אַריינגיין אין „וואָקזאַל”, מחמת די קעלט איז צוגעשטאַנען צו מיר, האָב איך אָבער קיין אָרט נישט געפונען אין דער ענגשאַפט און שטיקעניש.

די טונקעלע מאַסע, אַ צונויפגעפּלאָכטענע, הויפנס שמאַטעס, אויס־געמאָגערטע פּנימער, פאַרוואָקסענע, בערדיקע, הענט און פיס פאַר־הילט אין אַ פאַרע האָט זיך באַוועגט, געוויגט מיט אַן אומגעוויינט־לעכער שטילקייט אויפגענומען יעדן איינעם מאָביליזירטן.

ווען איך בין געבליבן אַ ווײַלע שטיין אין דער אָפענער טיר און געזען ווי לעבן מיינע פיס, הייבט זיך צו מיר אַ פּנים פון אַ זקן מיט ברילן־גלעזלעך אויסגעשלאָגענע, בלויז אין איין דראָטן אויגן־רינגל איז געווען אַ האַלבע בריל. הענט געל־וואָקסענע, ציטערנדיקע ציען זיך צו מיר מיט איין איינציק וואָרט: „כלעבושקאַ” — האָב איך זיך צוריקגעצויגן אויף אַ שפּאַן, צעעפנט מיין טאָרבע און אָנגעהויבן צו זוכן אין די אַלערליי קלענערע זעקעלעך וועלכע נאַדיעזשדאַ האָט אַזוי זאָרגפעליק צוגעגרייט. איך האָב ווידעראַמאָל דערזען איר בריוו און דעם העפט.

דער זקן האָט דאָס פּיצל שוואַרץ ברויט איינגעקלעמט צו דער ברוסט און אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ, אָנגעהויבן קייען די ביסנס.

איך בין נישט געבליבן אין וואָקזאַל נאָר אַרויס אין דרויסן. באַ־וואָפנטע וועכטער מיט קורצע ביקסן. וואָלף־הינט. אַ צעטראָטענער שניי. פאַרשנייטע בערגלעך האַלב־פאַרשנייטע קוסטעס. שתונה־שפורן אין שניי לענגאויס די רעלסן. פאַרשנייטע באַראַקן. פרויען אין מענערישע שינעלן, אין פופייקעס מיט דרייעקיקע צייכנס אויף דער ברוסט און אויפן רוקן, מיט נומערן אויפגעשריבענע מיט אַ פּיאַלעטן טינט אויף פּיצלעך געלן געוואַנט צוגענייט צו די אייבער־שטע מלבושים. ערד־שטיבלעך צווישן די פעלדער און האַלב־אויס־געהאַקטע וועלדער. מען דערקענט זיי נאָר דורך דעם רויך וואָס שלענגלט זיך אַרויס ווי פון אַ שניי־בערגל.

צו ערשט האָט זיך מיר געדאַכט אַז אונטער דער ערד זידט עפּעס

און אַז דאָרט זאַמלען זיך פלאַמען וועלכע וועלן באַלד אַרויסשלאָגן פון טיפעניש, דערנאָך האָב איך באַנומען אַז דאָס זענען די „זעמ־ליאַנקעס".

אַדריאַן איז נאָך אין דער פרי אַוועק מיט אַגולייעוון, מיט פיאָטר סאַבאַליעוון און וואַסיליעוון צו אַ באַקאַנטער באַביאַנקע, וועלכע איז דאָ אַן אויפרוימערין און היטערין אין איינעם פון די גרויסע שייערן פאַר תבואה. זי האָט דאָרט אירס אַ וואַרעם ווינקל.

— קום וועסט זיך דערוואַרעמען, מיכאַיל. נאַטשאַלסטוואָ גייט אויך צו דער מויד פעלאַגעיאַ. איר בעט איז ברייט, פאַר אַלעמען. מען מוז אָבער מיטנעמען אַ פלאַש בראַנפן און אַ גוטע זאַקוסקע.

וואַסיליעוו איז מיטגעגאַנגען מיט אַדריאַנען, סטיאָפּקאַ האָט נישט געוואָלט פאָלגן אַדריאַנס עצה.

אפשר האָט ער מורא געהאַט אַז פעלאַגעיאַ וועט דערנאָך אים פאַרשעמען פאַר אַלעמען, אַזוי ווי יענע פויערטע וועלכע האָט אים פאַר דאָסאַדע פאַרטריבן אין מיטן דער נאַכט פון איר כאַטע?

אַ שטיק צייט איז סטיאָפּקאַ געשטאַנען מיט מיר לעבן וואָקזאַל, ביז ער האָט זיך דערמאָנט, אַז איינער פון זיין דאָרף לעבט דאָ אין אַ זעמליאַנקע און ער איז אַוועק זוכן דאָס ערדשטיבל.

ווי נאָר מען האָט צוגעשטעלט די וואַגאָנען האָב איך פאַרנומען אַן אָרט אין דער מיט, ווייט פון דער טיר, לעבן אַ פענצטער פאַר־קלאַפּט מיט ברעטער. עס איז אָבער דאָ געווען האַלב־פינצטער כאָטש אין דרויסן איז נאָך געשטאַנען דער טאָג.

איך האָב אויסגעקליבן אַזאַ פענצטער ווו עס זענען געווען אויס־געדלאָבעט עפענונגען און ליכט־שטראַלן זענען דורך זיי אַריינ־געפאַלן. אַז מען האָט זיך צוגעבויגן, האָט מען גוט געקענט זען די פעלדער, די וועלדער און די איזאָלירטע לאַגער־פונקטן.

עטלעכע מינוטן פאַר דעם אָפּפאָר איז אַריינגעפאַלן אַדריאַן אין וואַגאָן אַריין צוזאַמען מיט דעם געוועזענעם קאָלכאָזנעם פּרעדסיע־דאַטעל פיאָטר סאַבאַליעוו, מיט דעם בריגאַדיר פון שאַקשער קאָל־

כאַז אַגולייעוו און דעם שרייבער פון זעמסקי אַטדעל וואַסיליעוו. אַלע זענען געווען שיכור, אויסער וואַסיליעוו.

אַדריאַן איז אַוועקגעפאַלן אין אַ ווינקל און אַראָפּגערוקט דאָס פוטער־היטל אויף זיין פּנים. סאַבאַליעוו האָט זיך געוויגט מיט פאַר־שלאָסענע אויגן. אַגולייעוו האָט צעכראַסטעט די פופייקע, געשלאָגן זיך מיט די פויסטן אין דער ברוסט, געשאָלטן דעם באַשאַף, די פּרעסט און די שנייען, דעם ביטערן גורל, די מלחמה, דעם געדמאַ־ניעץ און מער פון אַלעמען — זיך אַליין.

וואַסיליעוו האָט זיך צוגעבויגן צו מיר און געזאָגט:

—פּעלאַגעיאַ איז טאַקע אַ זונה. אין סדום איז דען נישט געווען אַזאַ פּעלאַגעיאַ און איר הויז איז דען נישט געווען דאָס ריינסטע און דאָס הייליקסטע?

די וואַגאָנען האָבן זיך עטלעכע מאָל צונויפגעשטויסן, גערוקט זיך אויף צוריק, מאַנעווורירט ביז מיר זענען געבליבן שטיין ערגעץ אין אַ וויסטער וואַלד־געגנט.

איך האָב געוואָרפן אַ בליק דורך די קליינע לעכער אין דעם פאַרקלאַפּטן פענצטער און געזען ווי עס לויפן אָן לאַגער־סטרעלקעס. די טיר פון אונדזער וואַגאָן האָט זיך צעפּראַלט און צוויי באַוואָפנטע פאַרשוינען זענען אַריין מיט די הינט.

— מאַביליזירטע? איז נישטאָ קיין פרעמדער צווישן אייך? ווער איז דער עלטסטער אין דער גרופּע?

קיינער האָט נישט געענטפערט, בלויז אַדריאַן האָט אַזוי ווי פון שלאָף אויסגעברומט:

— סוקינני סיני, אָן הענט זענט איר? פאַרמאַכט די טירן. איר טרייבט אָן אַ קעלט.

עס האָט ווידער געדויערט אַ שעה אָדער צוויי ביז מיר האָבן גערירט.

— דאָס איז דער ריכטיקער לאַגער — האָט מיר געזאָגט אַגו־לייעוו.

איך האָב צוגעלייגט מיין פּנים צו די עפענונגען. אין די פּיאַלעטע שניי־ווייטן, צווישן קוסטעס און פעלדער, שלעפּט זיך אַ צונויפ־געדריקטע מאַסע. ביי דער זייט גייען באַוואָפנטע היטער אין פּעלצן. הינט לויפן פאַרויס און פאַרלויפן זיי דעם וועג.

ווידער אַ וואַלד־געדיכטעניש. פּאַליאַנעס פאַרצוימטע מיט דרענ־גער, ענג־צונויפגעשטעלטע הויכע און פון די זייטן, הילצערנע טו־רעמס אויף סאָסנע־קלעצער מיט ביידלעך. אַ שאָטן באַוועגט זיך אין ביידל און אין לעצטן ליכט פון טאָג זעט מען דעם געבלענד פון באַגנעט אויף דער ביקס. ווידער פעלדער און אויסגעהאַקטע וועלדער.

די „טעפּלושקאַ״ בלייבט אָפּט שטיין. די וואַגאָנען שלאָגן זיך צונויף און אַדריאַן באַנייט זיין זידלעריי און זיינע קללות.

תמיד ווען די קאַלייקע שטעלט זיך, לויפן אַרום באַוואָפנטע וועכ־טער און מיר הערן דעם געקלאַפּ און געקלימפּער פון רידלען און אייזנס. פאַרשיקטע רייניקן די רעלסן פון די אָנגעטראָגענע שניי־בערג. אויף טייל ערטער, ווו דער וועג איז אַן אָפענער, אָן ביימער, אָן קוסטעס, האָט דער ווינט פאַרטראָגן אַהער בערג שניי.

אין וואַגאָן שלאָפן שוין אַלע מיט אַ האַרטן שלאָף. די טיר איז פאַרשלאָסן פון דרויסן. עס טרייסלט פון יעדן לאָקאָמאָטיוו־שלעפּ. די רעלסן זענען אודאי אויף טייל ערטער לויזע. איך שלאָג זיך אָן אין די ווענט, פאַל פאַרנט און דערנאָך אויף צוריק. נישטאָ קיין אַנדער אויסוועג ווי אַראָפּלייגן זיך אויף דער פאָדלאָגע אַזוי ווי אַלע. זי איז פייכט פון צעטראָטענעם שניי. איך האָב אַוועקגעלייגט צו קאָפּנס די טאָרבע. אויף מיין פּנים פאַלט אַ שטראַל ליכט פון די אויסגעדלאָבעטע פענצטער־עפענונגען.

איך האָב זיך אויפגעשטעלט, אָנגעהאַלטן ביי די ווענט און אַרויס־גענומען מיין קליין מעסערל און אויסגעברייטערט די עפענונג, ווייל די לופט איז געוואָרן אַזוי געדיכט און אַזוי שטיקנדיק, אַז איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס צו אָטעמען. איך האָב געוואָלט, אַז עס זאָל ווערן ליכטיקער אין וואַגאָן.

איך האָב דערפילט אַ פראָסטיקן אָטעם און אַ ליכטיקייט האָט

זיך געשפּרייט אַרום מיר. דעמאָלט האָב איך צעעפנט מיין רוקזאַק און אַרויסגענומען נאַדיעזשדאַס בריוו.

„מיכאיל, איך שרייב צו דיר דעם בריוו ביים ערשטן ליכט פון אויפגייענדיקן טאָג. עס איז שטיל אין שטוב. איך הער דיין אָטעמען. דו ביסט פאַר טאָג איינגעשלאָפן און עס איז מיר אַ שאָד דיך אויפ־צוּוועקן. אַלץ איז שוין צוגעגרייט צו דיין אַוועקגיין. די טאָרבע שטייט ביי דער פּיעטשקע. די וואַרעמע קליידער ליגן אויפן אויוון, אַז ווען דו וועסט זיי אָנטאָן, זאָלן זיי נישט זיין קאַלט. גענאַדי שלאָפט אין אַלקערל אַ פאַרהילטער אין דער וואָלענער דעק. לעבן אים, אויפן טישעלע, ליגט אַ ווייס בלעטעלע פּאַפּיר מיט דער צייכע־נונג פון אַ וואַלד און פון אַ גוטמוטיקן בער וועלכן דו האָסט אים געהאָלפן נעכטן אָנמאָלן. מיין פאָטער שלאָפט אויף דעם אויוון. דורך די פענצטער זע איך די ערשטע באַשקירעריגס מיט די קאַראַמיסלעס און הער דעם שטילן געקלינג פון די ליידיקע עמערס. גייסט היינט אַוועק און איך ווייס, אַז דאָס איז אויף תמיד. איך באַדויער נישט דיין אַוועקגיין ווייל איך ווייס, אַז דו מוזט. עס איז דאָס ערשטע מאָל ווי איינער וואָס איז מיר געוואָרן אייגן און נאָענט פאַרשווינדט נישט אין איינעם פון די נעכט, כדי ער זאָל דערנאָך אומקומען אין די טייגעס. איך פיל, אַז מיט דיין מאָביליזירט ווערן ראַטעוועסטו זיך. איך האָב זיך די גאַנצע צייט געשראָקן, אַז דו זאָלסט נישט אַרעס־טירט ווערן. איצט ביסטו אויסער דער סכנה. דאָס באַרויִקט מיך.

„נקמה־נעמען פאַר דיין צעשטערטער היים, פאַר דעם בלוט וואָס די דייטשן פאַרגיסן, פאַר דיינע ברידער, דאָס באַדייט נישט בלויז נקמה, נאָר אויך זיין פריי. איך זע דיין אַוועקגיין ווי אַ גאַנג אין דער פרייהייט אַריין. אַפילו דאָס פאַלן מיט דער ביקס אין דער האַנט איז דער צייכן פון דעם אַז דו ביסט געשטאָרבן ווי אַ פרייער מענטש און נישט צעטראָטן געוואָרן.

„ביז איך האָב דיך דערקענט האָב איך געגלייבט אַז די גאָב פון ליבשאַפט וואָס דער אַלמעכטיקער גאָט האָט מיר צוגעטיילט, אַז איך

זאָל זי אַוועקגעבן, איז פֿאַרשוווּנדן. איך האָב געשפּירט מיין מיד־קייט פֿון די אַלע איבערלעבענישן און געטראַכט איבערצוהאַלטן דאָ, אין דעם הויז פֿון מיינע עלטערן, ביזן ענד פֿון מיין לעבן. די פֿאַר־אומרייניקטע קראַפּעווע־פעלדער, די אַרעמקייט פֿון די קאָלכאָזני־קעס, די דערשלאָגנקייט פֿון האַלב־הונגעריקע מוזשיקעס, דער אייבי־קער פּחד האָט אַלעמען געמאַכט גלייכגילטיק. דאָס איז געווען גוט פֿאַר מיר, ווייל איך בין אַליין ווי אַ קאָרן־פעלד אויסגעמישט מיט פֿאַלין. האָסטו שוין אַמאָל געגעסן ברויט פֿון אַזאַ פעלד? האָסטו געשפּירט דעם ביטערן פֿאַלין־טעם? אָט דאָס בין איך. דו ביסט גע־קומען פֿון מערב. מיך האָסטו געזען ווי אַ פּושקינישע טאָכטער. עס שטימט, האָסטו צו זיך געשעפּטשעט. אָט איז נאַדיעזשדאָ. זי איז די אַנטפּלעקונג פֿון דעם אייביקן רוסלאַנד. איך האָב געהערט ווי דו חזרסט איבער די רייד און האָב זיי אויפגענומען מיט אַ שמייכל. דאָס אמתדיקע רוסלאַנד און דאָס אייביקע — דאָס איז דער מוזשיק פֿון קאָלכאָז, דאָס איז די באַביאַנקע וואָס טראָגט איצט אויף איר קראַ־מיסלע וואַסער פֿון פֿאַרפּרוירענעם טייכל, דאָס איז דער אייביקער אומעט און דער אייביקער חלום נאָך ערד און פֿרייהייט, נאָך ברויט אָן לעביעדאַ און נאָך עסן, כאָטש איין מאָל אין דער וואָך, שטשי מיט ברעקלעך פֿלייש, נאָך האָבן אין אַמבאַר עטלעכע זעקלעך קאָרן כדי עס צו צעמאָלן ביי זיך, אויפֿן קרילעץ אין אָן אַליין געמאַכט האַנט־מילעכל".

„מיכאַיל, איך וועל פֿון דעם דאָרף נישט אַוועק. דאָ וועל איך בלייבן אפילו ווען דער שונא וועט זיך דערנענטערן מיט זיינע אַר־מייען. די סכנה איז אַ רעאַלע, ווייל צפֿון־מזרחדיק פֿון אונדז, ביי דער שטאָט גאָרקי, גראָבט מען שוין קעגן־טאַנק קאַנאַוועס און פֿון דער דרום־מזרח זייט מאַכן די דייטשן אַלע באַמיונגען איבערצורייסן דעם איינציקן באַן־וועג, וואָס פֿאַרבינדט נאָך מאָסקווע מיטן וויטן מזרח. טענגושעווער קרייז איז שוין אַריינגענומען געוואָרן אין אַ רינג דורך די דייטשע אַרמייען. דער רינג איז נאָך אָפֿן. אָבער אויף ווי לאַנג? די שלאַכט צו וועלכע מען מאָביליזירט אייך דאָרף דעצי־

דירן דעם גורל פון מיין גאַנצער געגנט. די דייטשן ווילן אַרומנעמען מאָסקווע, דערווייל אין אַ האַלב־קרייז און דערנאָך דעם האַלב־קרייז פאַרשליסן. גאַנץ מאַרדאָוויע וועט איינגעשלאָסן ווערן אין דעם גרויסן רינג. איך האָב ידיעות אַז עס זענען דאָ אָנווייזונגען צוצוגרייטן אַ צוואַנגס־עוואַקואַציע. אויב מען וועט מיך לאָזן צו רו וועל איך דאָ בלייבן אפילו ווען די דייטשן וועלן זיך דערנענטערן. נישטאָ פאַר מיר קיין צוריקטריט. געוויינטלעך וועל איך שיקן אין ווייטן הינטערלאַנד, צו זיין פאָטער און איך וועל זיך שטעלן צום רשות פון די פאַרטיזאַנער. אין ראַיאָן־צענטער טענגושיי פילט מען שוין דעם אָנקום פון דער סכנה. עס האָבן זיך באַוויזן עטלעכע מיליטערמענטשן וואָס האָבן פאַר אַן אויפגאַבע צוצוגרייטן דעם ווידערשטאַנד, נאָך דעם ווי די געגנט וועט אָקופּירט זיין. פאַראַן אָנווייזונגען פון צוואַנגס־אַרויסשיקונגען און ליקווידירונג פון פאַרדעכטיקע. ווער ווייסט וואָס עס קען געשען מיט מיר? דער גורל פון מענטש ליגט ביי אונדז אָפט אין די הענט פון שיכורים. איך גלייב אין פאָלק און ווייס, אַז דער רוסישער מענטש וועט נישט אָננעמען די דייטשישע שקלאַפעריי, אפילו ווען מען זאָל אים מיליטעריש באַצווינגען. איך איל זיך מיטן שרייבן דעם בריוו. מיין פאָטער איז שוין וואַך. ער זיצט אויפן ראַנד פון אויוון און קוקט צו דעם איקאָנע־ווינקל. עס גייט אויף אַ ליכטיקייט פון יענער זייט הויכקייט ווו עס שטייען די דריי ווינטמילן. איך וואַרף נאָך אַ מאָל אַ בליק צו דיר. אפשר האָסטו שוין געעפנט דיינע אויגן? מיין פאָטער איז נאָענט צוגעגאַנגען צו דער איקאָנע און אַראָפגעלאָזט זיך אויף די קני. דאָס איז ס׳ערשטע מאָל זייט מיין קינדהייט, ווי איך זע אים אַ קניענדיקן פאַר ניקאָליי טשודאָטוואָרעץ. ווי ענלעך עס איז געוואָרן מיין פאָטער צו דעם הייליקן! פאַרוואָס האָט דער פאָטער זיך אַזוי געאיילט מיט אַרויפציען די רובאַשקע און פאַרוואָס קניט ער אַזוי לאַנג? אָ, אַנדערש זעט מיר איצט אויס זיין פנים! ער זעט אויס ווי ער וואָלט געווען יענעוועלטיק, אַזוי ווי אַ טייל פון דעם הימל, פון דער ערד, פון דעם טאָג וואָס קומט אויף, אַזוי ווי ער וואָלט געווען די פאַרקערפּערונג

פון אונדזער אייביקייט, בעת ער קוקט מיט ברייט־צעעפנטע אויגן, מיט דעם פנים וואָס איז אַ געמיש פון אַלע שבטים וואָס לעבן דאָ; אור־רוסיש און טאַטעריש, עטוואָס מאָנגאָליש און אַזוי טיף מענטש־לעך, ממש געטלעך, אַז ער ווערט פאַר מיר אַ געשטאַלט פון די הייליקע ספרים. ער דערנענטערט זיך צו מיר. אָט פיל איך אים אונטער מיין רוקן, בעת איך שרייב די שורות. „נאַדיעזשדאַ" — האָט ער געזאָגט צו מיר. מער גאָרנישט. קיין איינציק וואָרט מערער נישט. איך ענדיק דעם בריוו מיט מיין גאַנצער ליבשאַפט צו דיר און מיט דער תפילה, אַז דו זאָלסט צוריקקומען, צו דיין היים פון וועל־כער דו ביסט פאַרטריבן געוואָרן ערגעץ ביי דער ווייסל און זאָלסט דאָרט אַלעמען באַגעגענען אין שלום און אין פרייד. און אויב דו וועסט מיך דערמאָנען מיט ליבשאַפט ווייס, אַז אויך דאָ, אין דעם וייטן דאָרף צווישן די וועלדער און פעלדער, פאַראומערטע און פאַראָרעמטע, וואָרט אויף דיר נאַדיעזשדאַ. איך וועל וואָרטן אויף דיר תמיד, אפילו ווען דו וועסט בלאָנדזשען אין דער פרייער, נאָך־מלחמהדיקער וועלט און מיך פאַרגעסן".

אין אַ זייט איז געווען צוגעשריבן:

„אין העפט זענען פאַראַן אַ רייע פאַרצייכענונגען וועלכע איך האָב געמאַכט אין פאַרשיידענע צייטן. מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך זיי איבערגעלייענט און געוואָלט פאַרברענען. איך האָב שוין פיל דאָקומענטן און בריוו פאַרברענט. מען גרייט זיך צו דעם וואָס קען געשען. איידער איך פאַרברען דאָס העפט, וואָלט איך געוואָלט, אַז זאָלסט עס לייענען. נאָכן איבערלייענען צערייס דאָס העפט. צערייס אויך מיין בריוו. דיין נאַדיעזשדאַ".

די וואַגאָנען פון דער „טעפּלושקאַ" האָבן זיך צונויפגעשטויסן. דער לאָקאָמאָטיוו האָט געדיכט געראַוכערט און אין טונקעלן רויך האָבן זיך געמיניעט פונקען. איך האָב געקוקט דורך דער פענצטער־עפענונג און געזען, ווי גרויסע פונקען, אַזוי ווי די שטערן פאַלן אין שניי אַריין.

דער בלאָ־פּיאָלעטער פאַרנאַכט, אַ פאַרקנוילטער מיט רויך־קנוילן, מיט פונקען פייערדיק־רויטע, בלאָע, זילבערדיק־גרינלעכע, האָט אָבער נישט געקענט פאַרשטעלן די טרויערדיקע לאַגער־לאַנדשאַפט. זי האָט זיך דורכגעריסן און יעדעס מאָל האָבן זיך אַנטפּלעקט אָפּ־געצוימטע געביידעס, פאַרשנייטע מיט וואַך־טורעמס, וועכטער אויף פערד, ענג־צונויפגעשלאָסענע גרופּן מענטשן וואָס באַוועגן זיך אַזוי ווי די נידעריקע וואָלקנס, צעצויטלטע אויפן פאָן פון אַ פּיאָלעט־גרויען הינטערגרונט.

ווידער האָב איך דערהערט אַ רוקן פון וואַגאָן־טירן ערגעץ נאָענט, ביז אויך די טיר פון אונדזער וואַגאָן האָט זיך צערוקט און אַ וועכטער האָט אויסגעשטרעקט די ביקס און געפרעגט: „מאָבי־ליזירטע?"

אַדריאַן האָט ווידער אַ מאָל אויסגעברומט אַ בייז געברומעריי, מיט פאַראַכטונג אַראָפּגערוקט זיין פוטער־הוט איבערן פּנים און אויסגעקערעוועט זיך מיטן רוקן צו דער וואַגאָן־וואַנט.

— ווו זענען מיר? — האָט זיך אויפגעכאַפּט פון דרימל אַגו־לייעוו.

— עס איז „דער זעקס און דרייסיקסטער" — האָט וואַסיליעוו געענטפערט.

— מיר וועלן נאָך פאָרן אַ גאַנצע נאַכט און ערשט אויף מאָרגן פרי אָנקומען קיין פּאָטמאַ.

פּיאָטר סאָבאָלעוו האָט דאָס געזאָגט מיט גלייכגילט. איך האָב זיך געחידושט: איבער הונדערט ווירסט און אַזאַ לאַנגע נסיעה? איך האָב זיך געפילט אומרויִק, אומגעדולדיק און געבעטן ביים אַל־מעכטיקן, אַז ער זאָל מיך וואָס פריער אַרויספירן פון דער טרויעריי־קער געגנט.

# קאַפּיטל צוואַנציק

ווי נאָר עס איז צוגעפאַלן די נאַכט, האָט די „טעפּלושקאַ" אָנגעהויבן צו פאָרן פּאַמעלעך און גאָר אָפּט זיך אָפּגעשטעלט ביי וואַלד־פּאָליאַנעס און באַראַקן. מיר האָבן געהערט ווייטע קולות, אַ געקלימפּעריי פון אייזן, אַ בילעריי פון הינט און דאָס יאָמערן פון לאָקאָמאָטיוו. אין וואַגאָן איז געוואָרן פינצטער און קאַלט. דאָס קליינע אייזערנע אייוועלע מיט דער בלעכערנער רער איז פאַרלאָשן געוואָרן. די מאָביליזירטע זענען געלעגן אויף דער פּאָדלאָגע, פאַרדעקטע מיט די פופייקעס און פעלצן און געשלאָפן. יעדעס מאָל האָט זיך עמעצער אויפגעכאַפּט און געפרעגט : „מיר שטייען נאָך ?" קיינער האָט אים נישט געענטפערט. אַ כראָפּעריי האָט זיך אויסגעמישט מיט דעם ווייטן לאָקאָמאָטיוו־געשריי, וואָס איז אויסגעגאַנגען אין דער פראָסטיקער נאַכט.

איך בין געזעסן אָנגעשפאַרט מיטן רוקן צו דער וואַנט, מיט די הענט אַרומגענומען מיינע קני און נישט געקענט איינשלאָפן.

די קליינע עפענונגען אין די פאַרקלאַפּטע פענצטער האָבן איצט געלויכטן ווי די שטערן. זייער ליכטשיין איז געפאַלן שיף און אויסגעגאַנגען אין דער געדיכטער טונקלעניש פון וואַגאָן. די קעלט האָט מיך דורכגענומען און דאָס ליכט פון די עפענונגען איז געווען שאַרף און פראָסטיק.

איך האָב זיך אָפּגערוקט פון דעם נאַכט־ליכט, געוואָלט זיך ענגער באַהעפטן מיט דער צוזאַמענגעדריקטער מאַסע פון רוסישע פויערים און פאַרשלאָסן די אויגן. איך האָב נישט געקענט איינדרימלען. מיט

אַ פֿאַרהאַקטן אָטעם און מיט ציטערניש האָב איך זיך איינגעהערט אין די קולות, וועלכע עס האָט געבראַכט מיט זיך די נאַכט פֿון דעם לאַנד, וואָס הייסט „טעמלאַג". אַ מיליאָן מענטשן, איינגעשלאָסן אין אַ זומפּיקער וואַלד־געגנט, וואָס האָט נישט קיין שטעט און קיין דערפֿער, קיין וועגן און קיין שאָסייען. זי האָט נאָר עטלעכע שמאָלע קאַלייקעס און שטעגלעך, אויסגעטראָטענע פֿון פּאַרטיעס פֿאַרשיקטע צו דער קאַטאָרזשנער אַרבעט אין די געדיכטע וועלדער. זי האָט פּעלדער צעטאָפּטשעטע פֿון פֿערדישע קאָפּיטעס און פוסטריט פֿון יעגער, וועלכע פֿירן דאָ יאָגד אויף אַנטרונענע. נישטאָ דאָ קיין וואַלד־חיות — האָט מיר געזאָגט פֿאַרנאַכט אָגולייעוו, אַחוץ וועלף און הינט. דאָ לעבן זיי בשלום די דרעסירטע הינט פֿון די וועכטער און די וועלף. זיי פּאָרן זיך, און יעדעס יאָר ווערן די הינט מער צע־רייצטער און מער פֿאַרווילדעוועטער. אַזוי אויך דער מענטש. די היטער פֿון „טעמלאַג", אָטאָ די סטרעלקעס, פֿאַרלירן וואָס אַמאָל מערער די איינגעבוירענע פֿויערישע גוטסקייט. אויך דער מענטש איז דאָ פֿאַרחיהשט געוואָרן.

איך האָב געהערט ווי אָגולייעוו האָט בייטאָג דערציילט אַדריאַנען, אַז פֿאַראַיאָרן, בעת ער האָט געפֿירט תבואה קיין באַראַשאָוואָ ווי אַ „גאָספּאָסטאַווקאַ" פֿון זיין שאָקשער קאָלכאָז, איז צו זיין וואָגן צו־געקומען אַ באַביאַנקע און מיט אַ וויינענדיק קול אים געבעטן מיט־צונעמען קיין טענגושיי, ווייל פֿון דאָרט וועט איר בלייבן נאָך אַ דרייסיק וויאָרסט אין איר דאָרף אַריין. — זי האָט געהאַט פֿרישע וווּנד־צייכנס אויפֿן פּנים. געוועזן הונגעריק און דאָרשטיק. איך האָב איר געגעבן אַ שטיק שוואַרץ ברויט. נישט ווייט פֿון אַ פּעלד־קוואַל האָב איך אָפּגעשטעלט דעם וואָגן און אויפֿגעקאָכט קיפּיאַטאָק. זי האָט אָנגעבראָכן עטלעכע מאַלינע־צווייגלעך מיט פֿאַרטריקנטע מאַלינעס און זיי אַריינגעוואָרפֿן אין דעם קאָכעדיקן וואַסער.

— פֿאַרוואָס שווייגסטו — האָב איך זי געפֿרעגט. זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אויגן, וועלכע איך וועל שוין קיינמאָל נישט פֿאַר־

געסן; זיי האָבן געפּלאָמט, זיי האָבן געצאַרנט און עס האָט געווייעט פון זיי, אין דער זעלביקער צייט, אַזאַ פראָסטיקע קעלט, וואָס האָט מיך געמאַכט אויפשוידערן. „וואָס זאָל איך דיר דערציילן? אפשר שרייען צו די הימלען און זיי זאָגן, ווי אַזוי סטרעלקעס האָבן מיך פאַרגוואַלדיקט? זאָל איך זאָגן די הימלען ווי אַזוי איך בין געקומען זען מיין מוזשיק, וועלכן מען האָט מיט אַ צייט צוריק פאַרשיקט? עס דינט מיר דאָך די רעכט אים צו זען בלויז איין מאָל אין יאָר! דאָס אַלץ ווייסן דאָך די הימלען! איין סטרעלאָק האָט מיר געזאָגט, קום, איך וועל דיך פירן צו דיין מאַן. ער האָט מיך פאַרפירט ערגעץ אין אַ זייטיקער וואַך־בודע, פון יענער זייט צוים. אַרום האָבן גענישטערט וועלף און הינט, דער טשאָרט קען זיך בלויז פאַנאַנדערקלייבן. אַנשטאָט צו מיין מאַן, האָט ער מיך אַוועקגעשליידערט אויף זיין קויקע און געזאָגט: „וועסטו זיך לאָזן, באַביאַנקאַ, וועסטו זען דיין מאַן, אויב נישט, וועסטו צו אַלדי שוואַרצע יאָר צוריקגיין מיט גאָרנישט. דיין מוזשיק האָט זיך מיט עפּעס פאַרזינדיקט אין לאַגער און מען האָט ביי אים אָפּגענומען די רעכט צו זען זיך מיטן ווייב. איך וועל דיך אָבער צופירן צו אים". איך האָב זיך געלאָזט באַשלאָפן פון אים. „וואַרט דאָ, האָט ער געזאָגט. באַלד קום איך נאָך דיר". אָן אַנדער וועכטער איז געקומען און נאָך אים אַ נייער וועכטער, און אַלע האָבן מיך פאַרגוואַלדיקט, אַזוי ביז שפּעט אין דער נאַכט. דערנאָך האָט מען מיך פאַרטריבן קיין באַראַשאָוואַ און געיאָגט מיט הינט".

בעת אַגולייעוו האָט דערציילט די מעשה מיט דער באַביאַנקע, האָט וואַסיליעוו געוויקלט זיין ציגאַר אין אַ שטיקל צייטונגס־פּאַפּיר.

סאַבאַליעוו, געוועזענער פּרעדסעדאַטעל פון קאָלכאָז, האָט מיט אַ מעסערל געשניטן אַ שטיקל סאַלע און אַרויפגעלייגט עס אויף אַ פּענעץ ברויט.

די מאָביליזירטע דערלעבן האָבן זיך צוגעהערט צו דעם, ווי עס וואָלט געווען אַן אַלטע געשיכטע פון ערגעץ אַ ווייט און פרעמד לאַנד.

סטיאָפּקאָ, דער אַכצן־יאָריקער קאָניוך און אָנטרייבער, האָט זיך צוגעבויגן נעענטער צו אַגולייעוון און מיט שטילקייט געפרעגט:

— נו, זאָג, וואָס איז געוואָרן? — ער האָט די פראַגע עטלעכע מאָל איבערגעחזרט מיט עקשנות, כאָטש אַלע אַרום זענען געבליבן גלייכגילטיק צו דעם אַלעם, וואָס אַגולייעוו האָט דערציילט.

— וואָס איז געוואָרן מיט איר? גאָרנישט! זי האָט געשאָלטן די הימלען! דערנאָך האָט זי זיך דערמאָנט, אַז זי האָט מער נישט קיין האָלץ אויף צו קאָכן איר עסן. האָט זי מיך געבעטן, אַז איך זאָל איר לאָזן אַרויפֿלייגן אויפֿן וואָגן אַ בינטל כוואָראַסט.

אַגולייעוו האָט פֿאַרגעזעצט:

— איך האָב געקוקט מיט וואָס פֿאַראַ כוח זי ברעכט טרוקענע ריטלעך אין די קוסטעס, געקוקט אויף אירע פֿעסטע פֿיס, אויף איר געשטעל און געטראַכט: די באַביאַנקע וועט איבערלעבן די סטרעלקעס און די וועכטער און אויך די הינט, די פֿאַרווילדעוועטע און די האַלב־פֿאַרווילדעוועטע. זי וועט זיי איבערלעבן, זי וועט איבערהאַלטן.

אַ גאַנצע נאַכט האָט זיך מיר געפּלאָנטערט די מעשה מיט דער רוסישער באַביאַנקע, וואָס איז געקומען אין לאַגער אַריין זען איר פֿאַרשיקטן מאַן. אויסטערליש, די צופֿעליק דערציילטע געשיכטע פֿון אַגולייעוון האָט זיך צונויפֿגעמישט מיט דעם, וואָס עס האָט מיר דערציילט נאַדיעזשדאַ, בעת דער ערשטער באַגעגעניש. דאָס וואַלדביידל פֿון וועכטער ביי דעם טויער פֿון „טעמלאַג" און מאָסקווע, די אויפֿנאַמעס אין די זאַלן פֿון קרעמל, ווו נאַדיעזשדאַ איז געווען איינע פֿון די פֿאַרוויילונגס־פּרויען, די וואָס דאַרף האַלטן געזעלשאַפֿט און וועלכע ווערט קאָנטראָלירט און דיריזשירט פֿון דעם ספּעציעלן אָפּטייל פֿון אויסערן־מיניסטעריום פֿאַר רעפּרעזענטאַנץ מיט אויסלענדער.

איך האָב אין דער נאַכט אָנגעהויבן צו באַנעמען, אַז דאָס אַלץ וואָס נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָוונאַ האָט מיר דערציילט איז נאָר אַ

קלײנער טײל פֿון אירע איבערלעבענישן. זי האָט דאָס נישט געזאָגט אַזוי אָפֿן און דירעקט ווי די באַביאַנקע אין באַראַשאָוואָ צו אַגור־לײעוון, נאָר מיט אַנדײטונגען און מיט פֿאַרהוילענישן.

מיר איז עס אויסגעקומען, אַז דאָס האָט זיך נאַדיעזשדאַ געפֿונען אין וואָך־בײדל און אַז זי איז עס פֿאַרגוואַלדיקט געוואָרן פֿון די וועכטער. איך בין געשטאַנען אויף דער צווײטער זײט פֿון די שטע־כיקע דראָטן און געזען ווי עס טוישן זיך די סטרעלקעס, ווי עס לויפֿן די הינט מיט צעסליניעטע מאָרדעס און אַרויסגעשטשירעטע צײן, נישט ווײט יאָמערט דער לאַקאַמאָטיוו פֿון דער שמאָלער קאָלײקע וואָס פֿאָרט פֿון אײן לאַגער־פּונקט צום אַנדערן. דאָרט, אין אײנעם פֿון די באַראַקן, איז מײן געלעגער... וואָס טו איך דאָ, בײם צוים? ווער האָט מיך אַהער פֿאַרפּירט, אַז איך זאָל זיך צוקוקן צום שאַנד פֿון נאַדיעזשדאַ? איך האָב געוואָלט שרײען, געוואָלט וואַרפֿן שטײ־נער אויף די הינט, ווײל מערער פֿון אַלעם האָב איך זײ פֿײנט באַ־קומען — — —

איך האָב דערשפּירט ווי עמעצער טרײסלט מיך פֿאַר די אַקסל, געהערט אַ קול און דערנאָך איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס טרײסלט מיך אַדריאַן.

— וואָס וועקסטו דעם נאַראָד? וואָס יאָמערסטו? דו שרײסט פֿון שלאָף אויף אַ שפּראַך, וואָס קײנער פֿאַרשטײט נישט?

— זאַקורים, רעביאַטאַ — האָט עמעצער געזאָגט און יעדן אײנעם פֿאַרגעלײגט זײן טאַבאַק־זעקעלע.

איך האָב געהאַלטן דאָס זעקעלע, געוואָלט אַרויסנעמען אַ ביסל טאַבאַק און נישט געקענט, ווײל די הענט האָבן מיר געציטערט. ערשט איצט האָב איך דערשפּירט די קעלט, כאָטש וואַסילעוו האָט שוין געהאָט אונטערגעהײצט דאָס בלעכענע אײוועלע און די רער איז אין דער נידער געווען רויטלעך אָנגעגליט.

די פֿאַלשע נאַכט־שטערן פֿון די פֿאַרקלאַפּטע פֿענצטער זענען שוין לאַנג פֿאַרגאַנגען. דאָס שנײ־ליכט, וואָס האָט שאַרף אַרײנ־

געשניטן זיך אין דער נאַכט, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בלאַ־לעכן געשימער.

— עס ליכטיקט שוין.

אַדריאַן איז צו נאָענט צום פענצטער און אַרויסגעקוקט דורך אַן אויסגעדלאָבעטער עפענונג אין די טונקעלע בלעכן.

— מיר זענען שוין אין פּאָטמאַ.

פון די שכנותדיקע וואַגאָנען איז דערגאַנגען צו אונדז אַ קלאַפּע־ריי און אַ געשריי:

— עפנט די טירן! לאָזט אַרויס פון וואַגאָן! קיפּיאַטאָק!

אויך מיר האָבן אָנגעהויבן צו קלאַפּן מיט די פויסטן אין דער פאַרמאַכטער וואַגאָן־טיר.

— טשאַרטי! זיי מיינען, אַז דאָס איז אַ פּאַרטיע אַרעסטאַנטן!

— עפנט! מיר זענען מאָביליזירטע! עפנט!

ווען עס איז געוואָרן ליכטיק, האָט מען צעפּראַלט די וואַגאָן־טירן. מיר זענען אַרויסגעשפּרונגען איינצלווייז און געשטעלט זיך אין אַ רייע.

לאַגער־וועכטער און באַוואָפנטע סטרעלקעס האָבן אונדז איבער־געציילט און איבערגעגעבן אַ גרופּע זעלנער.

מיר האָבן זיך נאָך אַלץ געפונען אויפן שטח פון דעם לאַגער פּאָטמאַ. נישט ווייט, ביי אַ באַראַק, דער „וואָקזאַל" פון דער שמאָ־לער קאָלייקע, געפינען זיך קעסלען מיט קיפּיאַטאָק. מיר האָבן זיך פאַרשלעפּט מיט די רוקזעק ביז צו דער וואַנט פון אַן אַמבאַר. אָפּ־געבונדן די בלעכענע טעפּלעך פון די רימענס און אָנגענומען הייס וואַסער פון אַ קראַן.

איינער פון די מיליטערישע באַגלייטער האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר וועלן דאָ וואַרטן אויף לאַסט־מאַשינען, וועלכע וועלן אונדז פירן ביז צו דעם הויפּט־באַן־וועג מאָסקווע־דאַלני־וואָסטאָק. אַ פּאָר קילאָ־מעטער פון דאַנען געפינט זיך דער וואָקזאַל פון דער סטאַציע פּאָט־מאַ. דאָרט וועלן מיר זיך אָנלאָדענען אויף איינעם פון די צוגן אין דער ריכטונג קיין מאָסקווע. ווי לאַנג מיר זענען דאָ, אויף דער

טעריטאָריע פון לאַגער, מוזן מיר זיך אונטערוואַרפן דעם שטרענגן רעזשים; נישט אָפּטיילן זיך פון דער גרופּע, נישט ריידן מיט פאַר־שיקטע, נישט פרעגן קיין שאלות די סטרעלקעס און די לאַגער־וועכטער.

— איר דאַרפט דאַנקען דעם לאַגער, וואָס ער האָט אייך געגעבן די רעכט דורכצופאָרן מיט זייער טעפּלושקאַ. ווען נישט, וואָלט איר געמוזט גיין די איבער הונדערט קילאָמעטער צו פוס. פּאָנימאַיעטע?

— האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעפרעגט דער אויפזעער.

איך האָב פאַרבראַקט שטיקלעך שוואַרץ־ברויט אין דעם קיפּיאַ־טאָק, אַרויסגענומען דעם הילצערנעם לעפל פון דער שטיוול־כאָליאַ־ווע און אָנגעהויבן צו „כליעבען" אין דעם פּרימאַרגן דאָס קאָכעדיקע וואַסער.

מיר זענען געזעסן צווישן צוויי באַראַקן־ווענט און געזען דעם פאַרשנייטן דאַך און שפּיצן פון עטלעכע סאָסנע־ביימער. דאָ האָט דער ווינט נישט גערייגט און די קעלט איז נישט אַזוי צוגעשטאַנען נאָך דעם קיפּיאַטאָק.

די מאָביליזירטע פון טענגושיי האָבן שוין געהאַט אויסגעטרונקען דאָס לעצטע ביסל סאַמאָגאָן. זיי האָבן אָן אויפהער געוויכערט, גע־וויקלט נייע „ציגן־פיסלעך" און דערנאָך געדרימלט. טייל מאָל איז עמעצער אויפגעשפּרונגען, געקלאַפּט איין פוס אין אַנדערן, געקלאַפּט זיך מיט די הענט אונטער די אָרעמס און אונטערגעהאָפּסלט.

איך האָב אַרויסגענומען פון בוזעם־טאַש נאַדיעזשדאַס העפט און אָנגעהויבן אים בלעטערן.

...איך האָב זיך היינט לאַנג צוגעקוקט ווי גענאַדי שפּילט זיך מיטן פאָטער. עס איז דער דריטער טאָג, ווי מיין זון האָט אָנגעהויבן גיין. מיין מאַן, יאַקאָוו, האָט פאַר אים געקויפט אַ גרויסן רויטן באַ־לאָן. ער איז געשטאַנען אין איין ווינקל פון צימער און גערופן צו גענאַדי: קום, נעם דאָס! קום! איך האָב געזען ווי דער זון האָט אָנגעהויבן צו שטעלן די ערשטע וואַקלדיקע טריט. ער וועט פאַלן!

ער וועט פאַלן, יאַקאָוו! — האָב איך אויסגערופן. געגאַדי איז אָבער דערגאַנגען. ער האָט דורכגעמאַכט די ערשטע קליינע שטרעקע אין זיין קינדיש לעבן. ער האָט מיט די הענטלעך געוואָלט איינקלעמען דעם רויטן באַלאָן און אין דער רגע איז עפּעס געשען! עס האָט זיך דערהערט אַ לופט־געסווישטש, אַזוי ווי עס וואָלט זיך עפּעס איבער־געבראָכן. דער באַלאָן איז צעריסן געוואָרן אויף פּיצלעך. געמאַר־טשעשטע גומי־הייטלעך זענען געבליבן ליגן אויף דער פּאַדלאָגע. איך האָב געגנוי געוווּסט, אַז עפּעס וועט געשען און אַז עס גרייט זיך אַן אומגליק.

...אויף דעם, וואָס איך האָב מיט פּחד געוואָרט איז געקומען. עס איז געווען אין גרויסן זאַל פון קרעמל. נאָך האַלבער נאַכט. קאָוואַ־לאָווא האָט געזונגען אירע טשאַסטושקעס. דאָס האָט דער „פּאַטער פון די פעלקער" אויסגעדריקט זיין וווּנטש זיי צו הערן. איך האָב געזען, אַז ער שענקט נישט די מינדסטע אויפמערקזאַמקייט איר זינגען. ער איז געזעסן מיטן רוקן אויסגעדרייט צו דער בינע. דער הויפּט־אויפזעער פון די פייערלעכע אָוונטן א. איז צוגעקומען צו מיר. איך בין געווען אומרויִק און געוואָלט דעם אומרו פאַרדעקן. יעדער צייכן פון אומרו רופט דאָ אַרויס שווערן פאַרדאַכט. „איך אייל זיך, טאָוואַרישטש א." — האָב איך געזאָגט. „אַזוי, איר איילט זיך? כאַ־כאַ־כאַ. איך וויל אייך העלפן, אַז איר זאָלט זיך נישט איילן און, אַז איר זאָלט נישט זיין אַזוי אומגעדולדיק?" איך האָב אויך גע־לאַכט. זיינע אויגן האָבן מיך געמאַכט שוידערן און איך האָב דעם שוידער מאַסקירט. „ווי אַזוי וועט איר מיר העלפן?" „עס איז אַזוי פּשוט, נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָוונאַ, אַזוי פּשוט. קומט מיט מיר אויף איין רגע". איך בין אים נאָכגעגאַנגען. אין אַ זייטיקן קליינעם זאַל, אָנגעשפּאַרט ביי אַ מירמלנעם זייל האָב איך געפּרוּווט לייענען אַ פּאַפּירל, וועלכן עס האָט מיר געגעבן דער הויפּט־אויפזעער א.

אָ, גאָט, דאָס איז דאָך די האַנטשריפט פון מיין מאַן יאַקאָוו סאַמועלאָוויטש! איך האָב נישט קיין טעות? ניין, אָט איז צום סוף

פון דער דערקלערונג זיינער, דער פולער אונטערשריפט: יאַקאָוו סאַמועלאָוויטש מינטשעל. „לייענט דאָס! לייענט איבער דאָס, וואָס אייער מאַן שרייבט וועגן אייך, דעמאָלט וועט איר זיך מער נישט איילן צו אים אַהיים!"

איך האָב געלייענט. דאָס איז געווען מיין מאַנס אַ דערקלערונג, אַז איך, זיין פרוי, נאַדיעזשדאַ וולאַדימיראָוונאַ, בין אויף דעם דינסט פון אויסלענדישע שפּיאָנען, אַז איך פאַראַט דאָס סאָציאַליסטישע היימלאַנד און האָב אים אויך געוואָלט אַריינציען אין דער פאַררע־טערישער טעטיקייט. ער האַלט עס פאַר זיין חוב דאָס צו מעלדן די מאַכט־אָרגאַנען...

עס איז אוממעגלעך, האָב איך געזאָגט. אַ. האָט זיך צעלאַכט. „ווי נאַיִוו איר זענט! אוממעגלעך? ווי נישט וואַכזאַם איר זענט! פאַר דעם אַליין קומט אייך צו משפּטן! שרעקט אייך נישט, נאַ־דיעזשדאַ. עס דראָט אייך גאָרנישט, ווייל די זאַך איז אין מיינע הענט. איך וויל, אַז איר זאָלט דאָ בלייבן אַזוי לאַנג ווי עס וועט נויטיק זיין פאַר מיר. דערנאָך וועט איר גיין מיט מיר. נעמט אייער מאַנס דערקלערונג! נעמט דאָס! איר קענט דאָס אַפילו איינרעמען אין אַ גאָלדן רעמל און אויפהענגען איבער אייער שותפות־בעט"...

...איך בין געבליבן. דערנאָך בין איך אַוועק מיט אַ. פאַרטאָג בין איך צוריקגעקומען אַהיים.

יאַקאָוו איז געזעסן אין אַ שטול אין דעם מאַנטל. לעבן אים איז געלעגן אַ קליין פאַרפּאַקט רענצל. „וואָס איז דאָס?" האָב איך אָנגע־וויזן אויפן פּעקעלע. „גאָרנישט, נאַדיעזשדאַ, אַ קלייניקייט אויף דעם ווייטן וועג, אויף וועלכן איך בין תמיד גרייט". איך האָב אים גאָר־נישט געפרעגט. אין מיין האַנט איז געלעגן פאַרקוועטשט זיין „דער־קלערונג".

...גאָט, וואָס זאָל איך טאָן? פאַרוואָס בלייב איך מיט מיין מאַן אין איין הויז? זיין שרעק האָט אים פולשטענדיק באַהערשט. ער

שרעקט זיך פאַר זיין לעבן, ער שרעקט זיך, אַז מען וועט מיך פאַר־שיקן. ער איז דורך און דורך איבערגעפּולט מיט פּחד. דאָס לעצטע ביסל ליבשאַפט צו מיר איז פאַרגאַנגען. ווי אַזוי קען אַ מענטש, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין געקנויל פון שרעק און אומרו, ליב האָבן? איך בין פאַר אים געוואָרן אַ לאַסט. אָן מיר וועט ער אונטערגיין. דאָס האָט ער מיר געזאָגט. מיט מיר האַלט ער זיך נאָך אויף דער אייבערפלאַך. ווי לאַנג? איך בין זיכער, אַז ווי נאָר ער וועט דערפילן אַז עס דראָט אים נישט קיין פאַרשיקונג וועט ער אַוועק פון מיר. ער וועט מיך איבערלאָזן כדי צו אַנטלויפן פון זיין געפאַלנקייט, פון זיין שרעק און פון זיין באַשוועטט געוויסן. יאָקאָוו וועט מיך איבערלאָזן, אויב ער וועט האָבן די ערשטע זיכערקייט פון אַ פרייען מענטש... איך קום איצט זעלטן אין די נעכט אַהיים".

איך האָב איבערגעריסן דאָס לייענען. מען האָט באַפוילן נעמען די רוקזעק און אויסשטעלן זיך צו פיר אין אַ רייע.

באַלד פאַרלאָזן מיר די לאַגער־זאָנע. עס וועט זיין די לעצטע קאָנטראָל. אַ דראָבנער שניי פאַלט. סטרעלקעס באַגלייטן אונדז. ביזן טויער איז נישט ווייט.

איך גיי אין איין שורה מיט אַדריאַן, מיט פּיאָטר סאָבאָלעוון, מיט וואָסיליעוון. איך צערייס צוערשט דעם בריוו און דערנאָך די בלעט־לעך פון נאַדיעזשדאָס העפט. איך צערייס זיי אין קליינע פּיצלעך און וואַרף זיי אויף דעם שניי. זיי זעען אויס, בעתן פאַלן, אַזוי ווי די שניי־פלאַטערלעך. זיי פאַלן אויפן שניי און ווערן פאַרדעקט פון שניי.

איך זע איצט פאַר זיך דאָס פּנים פון נאַדיעזשדאָ. זי גייט צוזאַ־מען מיט מיר ביזן טויער. דאָ קאָנטראָלירט מען אונדז. מען הייסט עפענען די רוקזעק, מען ציילט אונדז איבער, דערנאָך לאָדענען מיר זיך אָן אויף אַן אָפענעם לאַסט־צוג, וועלכער גייט אין דער ריכטונג צו מאָסקווע.

נאַדיעזשדאַ איז ווייט, אויף יענער זייט צוים, דאָרט ווו עס זענען געבליבן די וואַכן. איך קוק און זע נאָר דעם פֿאַלנדיקן שניי, וואָס דעקט אַלץ צו.

(סוף)

1. די שטילקייט מאַנט, לידער, לאָדזש, 1945
2. ירושה, לידער, רעגענסבורג, 1947
3. אויפגעוואַכטע ערד, דערציילונגען, ,,די גאָלדענע קייט״, תל־אביב, 1953
4. אין אַ פאַרוואָרלאָזטן דאָרף, ראָמאַן, ,,קיום״, בוענאָס־איירעס, 1954
5. ביי די טויערן פון מאָסקווע, פאַרלאַג יידישער קולטור־קאָנגרעס, ניו־יאָרק, 1956
6. נאַכט איבער גלושינאָ, י. ל. פרץ־פאַרלאַג, תל־אביב, 1957.
7. ביי דער ווייסל, ראָמאַן, י. ל. פרץ־פאַרלאַג, תל־אביב, 1958.
8. די גאַס פון בליענדיקע מאנדלען, דערציילונגען, ,,קיום״, בוענאָס־איירעס, 1958
9. דאָס פאַלן פון בערלין, ראָמאַן, ציקא־פאַרלאג, ניו־יאָרק, 1960
10. דאָס הויז צווישן דערנער, דערציילונגען, פאַרלאַג ,,מנורה״, תל־אביב, 1960
11. על נהרות פוילן, ראָמאַן, ,,קיום״, בוענאָס־איירעס, 1962
12. די מלחמה־טרילאָגיע (ביי די טויערן פון מאָסקווע, ביי דער ווייסל, דאָס פאַלן פון בערלין) אין איין באַנד, נייע אויפלאַגע. נוימאַן־פאָנד און פעדעראַציע פון יידישע געזעלשאַפטן אין פאַריז, 1965
13. קערנער אין מידבר, דערציילונגען, פאַרלאַג ״אונזער קיום״, פאַריז, 1966
14. דער אויטאָפאָרטרעט, ראָמאַן, י. ל. פרץ־פאַרלאַג, תל־אביב, 1969
15. דער שוואַרצער דעמב, דערציילונגען מיט אַן אַקוואַרעל־בילד אין פאַרבן פון מאַרק שאַגאַל, פאַרלאַג ,,אונזער קיום״, פאַריז 1969